The Friedman Print, 215 Bowery, New York.



ריא געהיימע קראַפט

... אדער דער ...

# שליסעל צו דער נבואה

וואו עס ווערט ערקלעהרט וועגען

פּראָפעטען, נאַכט וואַנדלער, שלאָף־רעדנער,
וועגען חלומות, פּיזיאָגנאָמיע, חכמת
היד, חכמת הפּרצוף, און וויא
אַזוי מען זאָל זיך גורל
וואַרפען און דיא
חלומות בּע־
שיידען.

פערפאַסט אונד הערויסגעגעבען

פאַן דעם וועלטבעריהמטען גורל ווארפער

אונד געדאַנקען לעזער

פּראָפעסאָר א. האָכמאַן

פון 169 ריווינגטאָן סטריט, ניו יאָרק.



---

פּרייז 25 סענט.

Published by
PROFESSOR A. HOCHMAN

פּראָפעסאָר האָכמאַן אַלס פּראָפעט
ריהמט זיך יעצט אויך אַלס פּאָעט,
א בוך דער קונסט פאָל פּאָעזיע
פאָן לעזען געדאַנקען אָהנע מיה,
ער ערקלערט דעם „אורים ותומים“, גורל וואַרפען,
סמנים, פראַגען, וואָס מען קען נור בעדאַרפען,
אויף „חכמת היד“ צו פערשטעהען,
רייזעס, ליעבעס, אַלעס וואס קען געשעהען,
הערען, דאַמען, אַלטע, יונגע, זאָגאַר קינדער
אלע, אַלע וועלען פערשטעהען דיא וואָונדער,
כאָטש דאס קאָסט פיעל מיה אונד געלד
מיין לעהרע זאָל זיין פרייא פיר דער וועלט,
איעדער וואס וועט נור איין בוך קריעגען
נאַרט זיך געווים ניט, ער וועט האבען פערגעניגען.



# הקדמה.

ריא איינציגע אַבזיכט מיט וועלכע איך האָב דיעזען
בוך פערפאַסט און אַרויסגעגעבען איז — בעקאַנט צו
מאַכען אַלע מיינע בעקאַנטע, פערעהרער און פריינד מיט
די רעזולטאַטען וואָס איך האָב ערוואָרבען אין מיין אונ־
ערמיעדליכער טהעטיגקייט, שטודירענדיג און פראַקטיצי־
רענדיג אַלס גורל־וואַרפער, געדאַנקען־לעזער און ראַטה־
געבער אין פערלויף פון איבער 36 יאָהר. אין דער זעלבער
צייט וועט דיזעס בוך דיענען אַלס ערקלעהרונג פיר די
יעניגע, וועלכע קוקען צווייפעלהאַפט און זאָגאַר פער־
דעכטיג אויף אַלעס, וואָס האָט צו טהאָן מיט די געהיימע
קרעפטען פון דער נאַטור און ווילען אָב׳פטר׳ן מיט איין
עט״ און מיט אַ שמייכעל פון פעראַכטונג דאָס, וואָס זיי
פערשטעהען ניט און קענען ניט בעגרייפען.

דיזעס בוך האָט אַ גרויסען ווערטה און ענטהאַלט
פיעל וויסענשאַפט, וואָס וועט יעדען איינציגען לעזער אינ־
טערעסירען. עס גיט אויך צו פערשטעהן די פערבאָרגענע
זאַכען.

איך פיהלע מיך גליקליך און העכסט בעלאָהנט, ווענ־
מענדיג דיזעס ווערק צום ווערטהען פובליקום און האָף
אויף אַן ערנסטע און אונפאַרטייאישע קריטיק.

מיט אכטונג

דער פערפאַסער

פראָפעסאָר האָכמאַן.



PROFESSOR

HOCHMAN

פראָפעסאָר א. האָכמאַן

דער וועלטבעריהמטער

גורל ווארפער

אונד

נעדאנקען לעזער.

# איינלייטונג.

דאָס איז אַ פעסטגעשטעלטער פאקט און אַן אונבעשטרייטבארער אמת, אַז צווישען אַלע פעלקער פון אַלע לענדער און פון אַלע צייטען איז געווען אַ געוויסער קלאַס פּראָפעטען, וועלכע זיינען געשטאַנען העכער פון די איבעריגע בעפעלקערונג און האָבען זיך אָבגעגעבען מיט נשמה־זאַכען, מיט רוחניות, האָבען געהאַט צו טהאָן מיט דער געליכקייט און מיט די פערבאָרגענע קרעפטען פון דער נאַטור, און יעדער האָט זיך צו זיי געווענדעט נאָך אַ ראַטה, נאָך נביאות וועגען צוקונפט, און נאָך אויסקינפטע וועגען וויכטיגע אונטערנעהמונגען און ערנסטע שריטע אין לעבען.

דיזע לייטע זיינען בעקאַנט אין דער היסטאָריע פון פעלקער און ציוויליזאַציאָן אונטער פערשיעדענע נעמען: ביי די סעמיטען האָבען זיי זיך גערופען „רואים" (זעהער), ביי די מצרים זיינען זיי בעקאַנט אַלס חרטומים; ביי די אַלטע גרעקען אַלס אָראַקעלס (פּיטהיעס), ביי די רומאים אַלס סיביליעס, א. ז. וו. יעדע נאַציאָן האָט געהאַט איהרע פּראָפעטען, בעוואוסט אונטער געוויסע נעמען, און דיזע האָבען געשפּיעלט די וויכטיגסטע ראָלען, ניט נור אין דעם אַלטעגליכען לעבען פון יעדען איינצעלנעם מענשען, נאָר אויך אין דעם פּאָליטישען לעבען פון לאַנד. און ניט איין מאָל האָבען דיזע פּראָפעציהונגען געבראַכט אַן איבערקעהרעניש אין דעם לעבען פון די פעלקער און געגעבען אַן אַנדער ווענדונג צו די רעדער פון היסטאָרי.

אין די לעצטע יאָהרהונדערטער, ווען דאָס קריסטענטהום האָט געגעבען אַן אַנדער ריכטונג צו דעם גאַנג פון מענשליכען פּראָגרעס און די אַלטע ציוויליזאַציאָן האָט זיך געלאָזט בעאיינפלוסען פון די נייע לעהרען, האָט זיך די פאָרמע פון פּראָפעצייהונג אויך געביטען לויט די אומשטענדען, און מיר געפינען פון איין זייט „סיינטס", הייליגע, וועלכע טרעפען אין פאָראויס די צוקונפט און וואָרנען געגען קומענדע בעגעבענהייטען, און פון דער אַנדערער זייט זיינען ארויסגעטראָטען די אַסטראָלאָגען, די שטערען־זעהער, וועלכע האָבען מיט מאַטעמאַטישער פּינקטליכקייט פאָראויסגעזאָגט אַלעס, און מיט דעם צויבער־שטעקעל פון וויסענשאַפט און קונסט אָראָבגעריסען דעם שווארצען שלייער פון דעם פערבאָרגענעם עתיד. (צוקונפט).

דער מענש איז שוין אזוי בעשאפען, אז איהם ווילט זיך אלץ פורכדרינגען אין די קומענדע טעג, ער וויל אלץ וויסען וואס שפעטער וועט זיין, זיין גייסט שמאכטעט נאך פערבארגענעס, בעהאלטענעס איבער־נאטירליכעס, און דאס צייגט אונז די נאהענטע קרובה'שאפט אונזערע מיט די געהיימע קרעפטען פון דער נאטור, דאס צייגט אונז ווי די נשמה אונזערע בענקט נאך עטוואס, צו וואס זי פיהלט זיך בערעכטיגט און פון וואס זי איז מיט געוואלד אבגעריסען געווארען. און מיר מוזען צוגעבען, אז נאך אלעמען האבען מיר פארט א צובונד מיט'ן הימעל, און ארומקומענדיג אויף דער ערד, האבען מיר ניט אב־געריסען די גאנצע פערבינדונג מיט דער העכערער וועלט.

דאקטוירים האבען צו טהאן מיט אונזער קערפער, און ווען א גליעד פערלירט די פעהיגקייט אנצוגעהן מיט די נויטהיגע טהעטיג־קייט — קומט דער ארצט און זעהט עס צוריקברענגען צו א נארמא־לען צושטאנד, בעקומענדיג אנשטענדיג בעצאהלט פאר זיין איצטיגע מיה און פיר די פריהערדיגע איבערגעבענהייט צום ערנסטען און גרינדליכען שטודיום. וואס דער דאקטאר איז פיר'ן גוף — איז דער וואהר־זאגער, דער בעגאבטער פאראויסזעהער, פיר דעם מענשליכען גייסט, און אונזער נשמה־לעבען, אונזער רוחניות, די גאנצקייט פון אונזער גייסט, איז ניט וויינינגער וויכטיג אלס דער אירדישער טהייל פון אונזער „איך".

אונגליקליכע ליעבע, פערצעהרענדע בענקעניש, בייסענדע חרטה, אומזיסטיגע שטרעבונגען, הילפלאזע אנשטרענגונג א. ז. וו., דאס זיינען אלץ קראנקהייטען וואס דעם דאקטארס קענטניס און פראקסיס קענען ניט ערדייכען, דאס בעלאנגט שוין צו דעם יעניגען, וועלכער איז בע־קאנט מיט די זאגענאנטע איבערנאטירליכע, געטליכע פעהיגקייטען צו זעהן דאס הימלישע און דורכדרינגען אין צוקונפט, און נאר דער דאזיגער קען העלפען אין די אויבענדערמאנטע און עהנליכע פעלע.

ניט אלע דאקטוירים זיינען אבער גלייך, עס גיבען ארענט־ליכע, ערנסטע, פעהיגע און פראקטיצירטע, און אין געגענטהייל אזעלכע וואס טראגען נור דעם נאמען „דאקטאר" צופעליגער ווייזע און פער־דיענען גאר פעראכטונג אנשטאט רעספעקט. דאס זעלבע איז אויך מיט די גייסטיגע דאקטוירים, מיט די פראפעטען פון היינטיגער צייט, און פיעלע טראגען פאלש דיזען גרויסען טיטול און פערדיענען ניט דעם קלענסטען צוטרויען. אזוי אבער ווי צוליעב א דאקטאר א גאר נישט און א לויער א שווינדלער קען מען ניט בעשמוצען און מאכען צו גאר

**נישט די אלע פערזאָנען פון דער גאַנצער פראָפעסיאָן — אזוי קען** מען אויך נים צוליעב געוויסע שאַרלאַטאַנעס און שווינדלער אוועק־מאַכען מיט'ן האַנד די קונסט און פעהיגקייט פון אַ ריכטיגען וואהר־זאָגער.

די וואהרזאַגונג און געדאַנקען־לעזונג איז פונקט אזוי וויכטיג און ניצליך פאַר דער מענשהייט, ווי אַלע איבעריגע פּראָפעסיאָנען. און ווי אומעטום דאַרף מען אויך דאָ זיין פאָרזיכטיג נים אריינצופאַלען צו אונפאַסיגע, אונגלויבענס־ווירדיגע פערזאָנען, וועלכע ברענגען נור שאַנדע צו דער פּראָפעסיאָן און צו דער מענשהייט.

איך בעט דעם ווערטהען לעזער שענקען מיר אַ ביסעל אויפ־מערקזאַמקייט און דורכגעהן דיזען בוך. טריט ביי טריט וועל איך איהם פיהרען דורך פערבאָרגענע וועלטען, אַ ביסעלע דורכדרינגען דאָס איבערנאַטירליכעס און בעהאַלטענעס, און ווי ווייט מעגליך מאַכען קלאָהר עטוואָס פון די געהיימע קרעפטען פון דער נאַטור. לעזט און טראַכט זיך איין אין די ווערטער, און געוואָהנט זיך ארויסצוגעבען אַן אייגענעם מיינונג, געשטיצט אויף אייגענע נאָכדענקונג, אונטער־זוכונג און ערפאַהרונג, אָהנע קיינע פאָראורטהיילע.

דאס יודישע וואכענבלאט

# איבעראשענדע נייעס.

**א קונסט, וואס איז למעלה מן השכל, וואס דער מענשליכער פערשטאנד קען עס נים בעגרייפען און דיא וויסענשאפט קען עס נים ערקלערען.**

אללע ענגלישע צייטונגען זיינען וויעדער פולל מיט א נייעם וואונדער פון דעם בעריהמטען געדאנקען־לעזער, פראפעסאר האכמאן, וועלכער האט שוין פיעל מאל איבעראשט פיעלע וויסענשאפטס מענער און זאגאר די ריכטער אין די קארטס. מיר ווילען דא איבערגעבען פראפעסאר האכמאן'ס נייעם וואונדער, לוים דיא גרויסע ענגלישע צייטונג „סאן" דערצעהלט עס.

פראפעסאר האכמאן איז א מעמבער פון דער פלארי סאלליוואן אסאסיאיישאן פארלעצטען דאנערסטאג איז פראפעסאר האכמאן אריינגעקומען אין מאקדערמאט'ס סאלון 241 בוועריו וואו כריסטי סאלליוואן איז געזעסען און דער בעקאנטער פאליסיקער האט געבעטען דעם פראפעסאר ער זאל איהם פראפעצייהען פון זיין האנד.

פראפעסאר האכמאן האט בעטראכט סאליוואן'ס האנד און האט געזאגט: „דיא סיטעלסטע שטריכען פון אייער האנד בעדייטען געוויסע צאהלען, וואס ווייזען אויף אייער מזל".

„איך גלויב נים אין מזל". האט סאליוואן בעמערקט.

„הערט מיך צו", האט פראפעסאר האכמאן געזאגט. „איך זעה פאר מיינע אויגען וואס עס וועט מארגען פארקומען אויף דיא רייסעס. איך וויס אז איהר שפיעלט אין רייסעס און דערפאר וויל איך אייך זאגען וועלכעס פערד וועט געווינען איך ראטה אייך, אז איהר זאלט וועטען אויפ'ן „קינג פעפער", ווייל ער וועט געווינען.

דיא נאכריכט פון פראפעסאר האכמאן'ס נביאות האט זיך באלד פערשפרייט צווישען אללע מיטגליעדער פון דער אססאסיאיישאן און עס האט זיך אנגעהויבען א שטארקע וועטע. פרייטאג זיינען פראפעסאר האכמאן'ס ווערטער מקוים געווארען, אויף דיא רייסעס האט געוואונען דאס פערד מיט 8 צו 1. וויא דער פראפעסאר האט מיט א טאג פריער פראפעצייהעט פאר סאליוואן.

ווען דער גרויסער געדאנקען לעזער איז געקומען אין דיא העדקוואדערס פון די אססאכיאיישאן האט מען איהם אויפגענומען מיט א געוואלטיגע בעגייסטערונג און מר. וועגסטאן האט געהאלטען פאלגענדע רעדע:

THE JEWISH WEEKLY.

„אייער איבערנאטירליכע קונסט, פראפעסאר, צו זעהען דיא צוקונפט, צו לעזען דיא מענשליכע געדאנקען מוז איבערראשען יעדען וויסענשאפטליכען מאן מיר געדענקען נאך גאנץ גום אייער פראפעצייהונג וועגען רוזוועלט'ס זיעג איבער פארקער'ן, אבער אייער לעצטער וואונדער האט אונז נאך מעהר איבערראשט"

פראפעסאר האכמאן האט געענטפערט אז ער זעהט פאר זיינע אויגען דיא צוקונפט פון יעדען מענשען און זאגאר פון גאנצע פעלקער. ער זעהט, אז מיט סאליוואן וועט בייא נעכסטע עלעקשאן ערוועהלט ווערען פון זיין דיסטריקט. אז פלארי סאליוואן וועט בלייבען דער לידער פאר נאך א יאהר, אז יאפאן וועט בעזיגען רוסלאנד און אז נאן פעטערסאן וועט ארויס פרייא און וועט נים האבען מעהר קיין טרייעל וועגען דעם מוירדס פון צעזאר יאנג.

דיא גרויסע פערזאמלונג האט וויעדער שטארק אפלאדירט דעם פראפעסאר האכמאן און אללע האבען איהם געדריקט דיא האנד מיט טיעפסטע אכטונג, זייא האבען איהם פארגעשטעלט פאר זייערע פראמינענטע פריינד פון נויארק און ערקלערט, אז פראפעסאר האכמאן איז דער גרעסטער וואונדער אין דער וועלט בעזונדערס צענדיג אזא קראפט. און אפילו דיעניגע וואס האבען פריער נים מעגליבט אין איבערנאטירליכס, זיינען געווארען איבערראשט פון פראפעסאר האכמאן'ס וואונדערליכע קראפט אלס מגלה סתרים, וועלכער ענטדעקט אללע פערבארגענע זאכען פון דער צוקונפט.

יא, עס זיינען נאך דא פיעלע זאכען צווישען הימעל און ערד, וואס דער מענשליכער שכל קען נים בעגרייפען און איינס פון דיעזע וואונדער איז דיא קונסט פון פראפעסאר האכמאן צו לעזען דעם מענשען'ס געדאנקען און איהם צו פראפעצייהען דיא צוקונפט.

# קאַפּיטעל א.



אָס איז א פּראָפעט?

א פּראָפעט ווערט אָנגערופען דער מענש וואָס בע־זיצט דיא קראַפט פון פּראָפעציייהונג.

וואָס איז א פּראָפעציייהונג? איז דאָס א מלאכה? א וויסענ־שאַפט? א קונסט? א געטליכע קראַפט? איז דאָס א מאַטהעמאַטישע לעהרנונג אָדער א געבאָרענע פערבינדונג מיט די געהיימע קרעפטען פון נאַטור?

פון וואַנען שעפּפט דער פּראָפעט זיינע ידיעות, און וואו איז דער קוואַל פון זיין בעגייסטערונג? דיזע פראַגען זיינען זעהר אינטערע־רעסאַנט פיר דעם געוועהנליכען מענשען, און טהיילווייז וועלען זיי דאָ פערענטפערט ווערען, מעהר אָדער וויינינגער גרינדליך, אויף וויפיעל דער פּלאַץ קען דאָ ערלויבען.

די מענשהייט, נאָך זייענדיג אין וויעגעלע, מיט געטליכע מענשען שוין בעזאָרגט געוועזען מיט פּאָרשטעהער, מיט געטליכע מענשען, וועלכע האָבען געדיענט אַלס רינגעלעך צוזאַמענצוקייטלען דאָס איר־דישע מיט דאָס הימלישע, די פערגאַנגענהייט מיט דער צוקונפט, די אָפענע ערשיינונגען מיט די געהיימע ווירקונגען, די נאַטור מיט די זאָגענאַנטע איבערנאַטירליכקייט. אין די לעגענדען פון אַלע פעלקער, וועלכע דריקען אויס די קינדהייטס־יאָהרען פון יעדע נאַציאָן, געפינען מיר שוין אָנצייגונגען, ווי די געטליכקייט האָט זיי געפיהרט און בעשיצט; ווי זי האָט זיי בעזאָרגט מיט פיהרער, וועלכע זיינען געוועזען אין נאָהענטע פערוואַנדשאַפט מיט די געטער, דאָס הייסט, מיט די געהיימע קרעפטען פון נאַטור.

פּראָפעסאָר האָכמאַן דענקט ניט צו געבען דעם ווערטהען לעזער א פּאָרטראַג וועגען מיטהאָלאָגיע (די לעהרע וועגען די געטער און די נביאים) פון די אַלטע פעלקער, און צייגען דעם שורש פון וואַנען עס האָט זיך גענומען און ווי אזוי עס האָט זיך ענטוויקעלט די נבואה

**דיעזער בוך איז צו קליין אום צו בעשפרעכען דיעזע אינטערעסאנטע פראגע פון אלע זייטען, און מיר וועלען זיך מוזען בלויז בעגוגענען מיט** אייניגע פאקטען, גענומען פון אונזערע אייגענע הייליגע שריפטען, פון דער ביבעל, תלמוד און אויך אנדערע הייליגע ספרים, וועלכע זיינען גאניץ אפט דער ריכטיגער קוואל פון בעגייסטערונג פיר דעם פראפעט.

אין אונזערע פאלקס־לעגענדען ווערט דערמאנט חנוך 1), מתושלח'ס פאטער און נח'ס עלטער־זיידע. ער איז געווען דער ערשטער, וועלכער האט געשפיעלט די ראלע פון א כהן־גדול פיר דער גאנצער וועלט, און אלע האבען זיך צו איהם געווענדעט נאך א ראטה און געקומען הערען זיינע פראפעצייהונגען וועגען דער צוקונפט. מיר זעהען אין איהם די ערשטע שטארקע היסטארישע פערזענליכקייט, וועלכע האט בעהערשט די נאטור־געהיימניסע און האט פיעלעם געטהאן פיר זיינע מיט־מענשען 2) און פיר די אלע קומענדע דורות דורך זיין אפענ־זיכטיגקייט, פראפעצייהונג, און זיין איבערגעבענע מיה צו שטודירען די געהיימע קרעפטען און לייגען א פונדאמענט 3) צו דיזער גרויסער לעהרע, אין וועלכער מאנכע צייכנען זיך זא אוים, פיר דעם אלגע־מיינעם גליק פון דער מענשהייט און די ציוויליזאציאן.

פון חנוך אן ציהט זיך ווי א רויטער שנירעל דורך די קאנווע פון אונזער היסטאריע, א גאנצע רייהע מענשען וועלכע האבען אונז פער־בונדען מיט'ן הימעל און ניט זעלטען גערעטעט אונז פון אונטערגאנג. נח, חנוך'ס אוראייניקעל, האט פאראויסגעזעהן דעם מבול און פערהיט פיר אונזער פלאנעט אלעס וואס לעבט און עקזיסטירט. שם, נח'ס זוהן, און עבר, שם'ס אור־אייניקעל, האבען איבערגענומען די פעהיגקייט פון פראפעצייהונג און די גרונד־פרינציפען פון נבואה, און פון איבער־אל איז מען צו זיי געגאנגען נאך ראטה, און זאגאר אונזער מוטער רבקה האט זיך אויך געווענדעט צו זיי 4) ווען זי האט דערפיהלט די קריטישע לאגע פון איהרע צוקינפטיגע קינדער.

---

1) בראשית ה. כב — כר.
2) ספר הישר, פ. בראשית.
3) ספר חנוך ועוד.
4) בראשית ו. כב — כג.

דאָן האָבען מיר יוסף'ן מיט זיין געטליכע קראַפט צו פותר זיין חלומות און זעהן פּאַראוים ווייט אין דער צוקונפט. די זעלבע פעהיג־קייט און לעהרע איז איבערגעגאַנגען צו אַ געוויסען טהייל פון שבט לוי, און דאָרט האָט זיך ערשט ענטוויקעלט די גאַנצע סיסטעם פון די „אורים ותומים“ וועגען וואָס מיר וועלען נאָך האָבען אַ געלעגענהייט צו ריידען אין דיזען בוך. דיזע לעהרע איז אָבער ניט געבליבען פער־שלאָסען בלויז אין די הענד פון די כהנים, און מיר געפינען ביישפּיע־לע פון אָפענזיכטיגקייט און געטליכע ענטפּלעקונג אין פּערזאָנען פון פערשיעדענע דורות, וועלכע בעזיצען אין זיך אָט דעם זעקסטען חוש צו זעהן און פיהלען מיט דער נשמה, ניט נאָר מיט די פיזישע טהיילען אונזערע, און קענען דורכדרינגען אָט מיט דיזע געהיימע נשמה־שטראַהלען טיעף דעם צווייטען אין נשמה און שפּאַלטען דעם צודעק פון דער צוקונפט. שמואל הנביא האָט זאָגאַר געעפענט אַ שוהלע פיר נביאות5) און מען האָט זיך צו איהם געווענדעט וועגען פערשיעדענע הויז־פּאַסירונגען, און וועגען אויסגעפינען פערלאָרענע אַרטיקלען. נעהמט שטודירען די וואונדער פון אליהו הנביא און זיין פעהיגען נאָכפאָלגער אלישע, וואָס פיר אַ מופתים זיי האָבען געשאַפט מיט זייער געטליכע קראַפט! בעטראַכט זיך אין אונזערע נביאים ישעיה, ירמיה און זייערע אַלע נאָכפאָלגער, לעזט וועגען יונה, ווי די אויבערקראַפט האָט איהם געטריעבען מיט געוואַלד צו וואַרנען די גרויסע שטאָדט נינוה פון דעם אונגליק וואָס ערוואַרטעט זי, ווי ער האָט זיך געוואָלט אויסדרעהען פון דער מיסיאָן, איז אַריינגעשליי־דערט געוואָרען אין ים, איינגעשלונגען געוואָרען פון אַ פיש און צוריק אויסגעשפּיגען געוואָרען און האָט געמוזט ערפילען זיין שליחות! שטודירט דניאל מיט זיין געטליכער קראַפט צו לעזען די צוקונפט און ענטשיידען חלומות, און קיין זאַך איז ניט געווען פערבאָרגען פון זיינע דורכזיכטיגע אויגען.

דאָס אַלעס צייגט אונז אַז מענשען ווערען אָפטמאָל בעשאָנקען פון דער נאַטור מיט דער וואונדער קראַפט פון נביאות און ניט ווילענ־דיג מוזען מיר אַנערקענען דיזען פאַקט.

---

5) שמואל א. ו. — ווען שאול איז געגאַנגען צו איהם נאָכפרעגען וועגען די פערלוירענע עזלען.

# קאפיטעל ב.



ונזערע היילינע שריפטען, די תורה א. ז. וו., ברייננען אונז אויך ביישפיעלע פון נביאום, וועלכע האבען עקזיסטירט ביי די אומות העולם, ביי די איבעריגע פעלקער, און דאך ווערען זיי אנערקענט אלס „געשיקטע פון גאט" און בעזיצען אין פאלקאמענהייט די קונסט פון נביאות. די געלעהרענטע שטערן זעהער, וועלכע האבען געווארענט נמרוד'ן וועגען דעם געבורט פון אברהם אבינו; די חרטומים פון מצרים, וועלכע האבען אזא לאנגע צייט קאנקורירט ערפאלגרייך מיט משה רבינו; בלעם, וועמעס ווערטער האבען געהאקט ווי שווערדען, און וועלכער איז געווען בעוואוסט אלס גרעסטער אפענזיכטיגער (נופל וגלוי עינים 6) ער פאלט און די אויגען בלייבען אפען, די פריסטער פון די פלשתים, וועלכע האבען גערעטעט זייער לאנד פון פעסט, אנצייגענדיג וואס מען זאל טהאן מיט דעם „ארון־קודש" 7); די וואהרזאגער פון עין דור, צו וועמען דער ערשטער אידישער קיסר, שאול, האט זיך געווענדעט מיט דער פראגע, צי ער זאל געהן מלחמה האלטען מיט דעם שונא. דער גייסט פון שמואל הנביא8) איז איהם ארויסגערופען געווארען, און זיין שיקזאל און דער שיקזאל פון זיין פאמיליע איז איהם ענטדעקט געווארען.

עס איז ניט די אבזיכט פון דיזען בוך אויסצוזעכענען די אלע פאקטען וואו עס ווערט, לויט אונזערע היילינע שריפטען, אנערקענט די ריכטיגקייט און וויכטיגקייט פון פראפעצייהונג אפילו ביי די אלע איבריגע נאציאנען, מיר וועלען לאזען דיזע פאקטען צום לעזער זעלבסט זאל ער זיי לעזען און זיך א ביסעל אריינטראכטען אין זיי — דא וועלען מיר נאר מאכען איין טריט ווייטער צו דער פראגע: „וואס איז נביאות"?

---

6) במדבר כד. ד.

7) שמואל א. ו. ב־ד

8) שמואל א. כח. ח. כח.

פיעלע זאכען וואָס די איצטיגע ציוויליזאציאָן האָט ארויסגעבראכט זיינען שוין צו מאַנכע בעוואוסט געוועזען פון אַ צייט בעפאָר, דער אַלגעמיינער עולם אָבער איז געוועזען ווייט דערפון, האָט עס ניט פערשטאַנען, און וויסענשאַפט איז אויפגעמישט געוואָרען מיט כשוף, און דער געלעהרטער און בעגאַבטער האָט מאַנכעס מאָל געמוזט איבערגעבען זיינע אַקסיאָמען, זיינע אמת'ן, זיין ערפאַהרונג אין דער פאָרם פון אַ נבואה אָדער אַן אויסשפּרוך פון אַן אָרטיקעל, פון אַ פערקערפערטער געטליכקייט.

נעהמט די ניט לאַנג ערפונדענע רענטגען שטראַהלען, וועלכע דרינגען דורך דעם מענשענס קערפּער און ברעכען דורך אַלע הינדערניסע אויף זייער וועג, אָדער נעהמט דעם מעטאַל ראַדיום מיט זיינע וואונדערליכע אייגענשאַפטען — צו היילען פערבאָרגענע קראַנקהייטען — וואָס פאַר אַ קראַפט ליעגט דאָרט? פון וואַנען נעהמט זיך עס? וועלכע סבות רופען עס אַרויס? אונזערע געלעהרטע קענען דאַרויף ניט ענטפערען — זיי זעהען בלויז דעם פאַקט, זיי זעהען די ווירקונג, אָבער זיי ווייסען ניט ווי אַזוי און פון וואַנען עס נעהמט זיך, און די גאַנצע לעהרע פון פיזיקע און כימיקע בעשטעהט אַלץ פון פערטיגע זאכען וואָס די נאַטור טראָגט אונז צו, אָדער אויף וועלכע מיר האָבען זיך צופעליגער ווייזע אָנגעשלאָגען, „ערפונדען" ווי מען זאָגט, אָבער ווייטער איז נאָך אונזער וויסענשאַפט ניט דערגאַנגען און בלינד זיינען מיר צו וויסען דעם אָנפאַנג פון אַלעם און די פערשיעדענע סבות פון עקזיסטירענדע רעזולטאַטען.

דעם מענשענס גייסט איז אויך אַן עצם' אַ געגענשטאַנד, אַן אין פיר זיך, ניט יעדער אויג בעזיצט אָבער אָט די פערבאָרגענע שטראַהלען, וועלכע קענען עס דורכדרינגען און זעהן וואָס דאָרט טהוט זיך, די צוקונפט איז אַ מאַטעמאַטישער רעזולטאַט פון די פריהערדיגע געשעהנישען, פון דעם צוזאַמענקונפט פון געוויסע שטערען און מזלות, ניט יעדער אָבער קען לעזען דורך די דיקע טאָוולען פון אַ פערמאַכטען בוך, און די געהיימע קרעפטען פון דער נאַטור צייגען זיך ניט איבעראַל — נאָר געוויסע בעדינגונגען רופען אַרויס עלעקטרישע קראַפט, ווי צום ביישפּיעל, די רייבונגען פון געוויסע שטאָפען איינע אָן די אַנדערע; נאָר געוויסע מעטאַלען בעזיצען געוויסע אייגענשאַפטען, ווי צום ביישפּיעל, מאַגנעט ציהט נור אייזען, און ניט קיינע אַנדערע מעטאַלען. נאָר געוויסע פערבינדונגען פון כעמישע שטאָפען רופען אַרויס געוויסע

**ערשיינונגען, און בלויז מענשען מיט געוויסע פעהיגקייטען און געוויסע פראקטיק קענען זעהן און לעזען פערבארגענעס און וויסען ווי אויס־**
צורעכענען דעם צווייטענס לעבענס־גאנג, לויט דעם צוזאמענהאנג פון זיין שטערן, זיין מזל, און די טיעפע לעהרע פון דעם אורים ותומים.

מענשען ווערען ניט געבארען מיט גלייכע פעהיגקייטען, מאנכעס מאל זעהען מיר זשעניעס, וועלכע זיינען אויסערגעוועהנליך בעגאבט פון דער נאטור נאך אין זייער קינדער־וויעגעלע. מיר זעהען גאר יונגינקע קינדערלעך וואס וויסען נאך גאר ניט פון דער וועלט און פון לעהרנונג, און זייערע טאלאנטען אין מוזיק, אדער אין מאטהעמאטיק, מאכען צום שטוינען די גרעסטע פראפעסארען. ווי קומט עס? אט די אלע גרויסע מאטעמאטיקער, גרויסע מוזיקער, גרויסע זינגער, גרויסע ערפינדער, זיינען בעשאנקען פון הימעל מיט נאך עפעס א געוויסען געפיהל וואס דער געוועהנליכער מענש בעזיצט עס ניט, און אט דיעזער געפיהל שטעלט זיי אוועק אויף דער שפיצע פון דער מענשהייט, מאכט זיי פיר די אנפיהרער פון פראגרעס, און זיי צו פערדאנקען איז דאס לעבען פולער און אנגענעהמער.

די פראפעציייהערס האבען אויך זייער פפליכט צו דער מענשהייט צו פערגרינגערען דאס לעבען און אנווייזען דעם ליידענדען דעם ריכטיגען וועג. ניט אלע קענען זיין גאונים און ניט אלע גאונים זיינען גלייך. בפרט אין אזא זאך וואס פאדערט אונערמיערליכעס שטודירען און לאנגעס איבערגעבענעס פראקטיצירען.

שטודירט גוט דורך דעם קאפ און דיא קעמערלעך, אין וועלכע דעם מענשען׳ס פערשטאנד איז איינגעטהיילט.

## דאס יודישע וואכענבלאטט.

פרייטאג, ב׳ ניסן, תרס״ה, APRIL 7,

### א קונץ וואס עס איבערראשט דיא וויסענשאפט.

פאריעג וואך, דען 28טען מערץ, איז געווען געדרוקט אין אלע ענגלישע און דייטשע צייטונגען פון דעם קינצלער פראפעסאר האכמאן׳ס וואונדער וואס יע־דער וואר איבערראשט. צוואר עס וואר שוין פון דעם פראפעסאר פיעל מאל אין אלע צייטונגען פון זיין גרויסקייט אין וויסענ־שאפט. ער האט זיך איין גרויסען נאמען ערווארבען, איבערהויפט אין דער גרויסער שטאדט ניו יארק. אבער דיזעס וואונדער פון פאריגע וואך וואר איין זאך למעלה מן השכל. מיר מיינען פערשטאנד דאס האבען מיר ארויסגענומען פון דיא ענגלישע צייטונג דיא העראלד פון דעם 25טען מערץ: געקוקט איז א גלאזבאל און געפונען א פערלארע־נעם פערד. דער געדאנקען לעזער האכ־מאן האט יאקאב קאהן געטראפען דאס זיין פערד נעלי געפינט זיך אויף דער נייער בריק און דער דרייווער שלאפט צו אויף דעם עקספרעס. ביי יאקאב קאהן פון 208 העסטער סטריט האט מען מיט 2 וואכען צוריק צונעלאקכענט זיין פערד נעלי. ער האט געמעלדען אין אלע סטיישען הייזער און עס וואר ארויסגעשיקט דעטעקטיוס. אבער עס וואר קיין שפור. אזוי איז קאהן געגאנגען צו פראפעסאר האכמאן, 169 די־ווינגטאן סטריט, פיליכט וועט ער ביי איהם געפינען א ראט. ווי ער איז געקומען צו דעם פראפעסאר האכמאן האט דער פראפעסאר האכמאן איהם געהייסען מיט איהם אריינגעהן אין א קליין שווארץ שטיבעל און האט איהם געזאגט זיין טרויבעל, זיין נאמען און דאס עס פעהלט איהם נעלי, אבער דיא נעלי איז א פערד. קאהן האט אנגעפאנגען צו זיינגען פון איבער־ראשונג און געבעטען דעם פראפעסאר ווען ער איז יא אזא טרעפער, זאל ער טרעפען וואו דאס פערד איז. ווען ער איהם נים בעפרידיגען. דער פראפעסאר האט בעגרי־פען א גלעזערנע באהל מיט א גלאז וואסער און דריין ארייננעקוקט עטליכע סע־קונדען און אויסגערופען: לויפט שנעל אויף דער נייער וויליאמסבורג בריזש. דארט געהט דאס פערד שוין געלאדען און דער דרייווער דרעמעלט אויף דעם וואג־גען. קאהן האט געבעטען דעם פראפעסאר ער זאל געהן מיט איהם אין קאורט נעה־מען א פאליסמאן. אזוי איז האכמאן מיט איהם געגאנגען אין עסעקס מארקעט קאורט. ער וואר פארגעשטעלט פאר דעם ריכטער פלעמער. דאס ער זאגט אז ער קען געפינען דעם פערד אויף וויליאמס־בורג ברידזש און מען וויל ער זאל שיקען א פאליסמאן. דער ריכטער האט אפילו א ביסעל געצווייפעלט. נור ווייל פראפעסאר האכמאן האט געזאגט צום ריכטער: אז ער וועט פינף דאלאר העז דאס פערד איז נישט אויף דעם ברידזש, זא האט דער דזשאדזש גליך געשיקט א פאליסמאן מיט איבערראשונג האט דער פאליסמאן געטראפען נעלי אויף דער בריק, און דער דרייווער כאלאכאן קאטץ פון 138 עסעקס סטריט האט א ביסעל צוגעדרעמעלט. מען האט איהם גליך ארעסטעט און ביים פערהער האט קאטץ געזאגט דאס ער ווייסט פון גאר נישט. מען האט איהם גע־רונגען ער זאל דעם לאס וואַרע אבמיה־רען. מיסטער קאהן האט געזאגט דאס ער איז מוחל קאמפלעט, ער וויל נישט דאס יע־מאנד זאל דורך איהם זיצען. אבי ער בע־קומט זיין נעלי. ער איז ארויס פון קאורט מיט פראפעסאר האכמאן מיט א גרויסע פרייד און איהם גוט בעפרידיגט און גע־דיקט זיין האנד, און האבי בעמערקט, דאס נעלי איז ביי איהם טהייערער פון אלעס אם ארויסגעשדיען אין דער הנחה פראפעסאר, יז ארץ זוארדער!

• • •

DAILY JEWISH HERALD.

### דער טעגליכער העראלד

מיטוואך, דען 25טען דעצעמבער

### דיא נביאות מקוים געווארען.

פאלגענדען באקס ברענגט דער דייט־שער ניו יארקער העראלד פון פרייטאג, 20טען דעצעמבער:

דעניעל נעץ, א דעטעקטיוו פון 212 א. 77טע סטריט, האט א צייט לאנג געזוכט א מאן, וועלכען ער האט געוואלט ארעס־טירען, אבער ער האט איהם נים געקענט כאפען. דער דעטעקטיוו האט אנגעווענדעט זיין גאנצע קונסט אויסצוגעפינען דעם מאן, דאך איז זיין מיה געווען אומזיכט.

נים וויסענדיג קיין וועג ווי אזוי אויסצופיהרען דעם אויפטראג האט דע־טעקטיוו נעץ נעפרעגט איין עצה ביי זיי־נעם א פריינד, אויך א דעטעקטיוו אונד דיעזער האט איהם געראטהען זיך צו ווענ־דען צום בעקאנטען געדאנקען לעזער פרא־פעסאר א. האכמאן, פון 169 ריווינגטאן סטריט.

נעץ אונד פראפעסאר האכמאן זיינען געווען פרעמד איינער דעם צווייטען, אבער באלד ווי נעץ איז אריין צום פראפעסאר, האט איהם דער געדאנקען לעזער געזאגט פאראויס אז ער איז א דעטעקטיוו אונד זוכט א געוויסען מאן. דער דעטעקטיוו איז ערשטוינט געווארען העכענדיג ווי דער פראפעסאר לייענט זיינע געדאנקען אבער נאך מעהר פערוואונדערט איז ער געווארען, ווען דער געדאנקען לעזער האט איהם ערצעהלט געהען נאך גרינפאינט אין א בעשטימטע גאס, אין א געוויסען סאלון אונד דארטען וועט ער געפינען דעם מאן, וועלכען ער זוכט אזוי לאנג.

אונד דיא נביאות פון פראפעסאר האכ־מאן איז ריכטיג מקוים געווארען: אויף דער בעשטימטער שטעלע האט נעץ גע־פונען דעם לאנג געזוכטען מאן אונד נעץ איז וויעדער געקומען צום פראפעסאר איהם אויסדריקען זיין בעוואונדערונג אי־בער זיין מערקווירדיגע קראפט צו לעזען פרעמדע געדאנקען אונד אויסגעפינען פער־לארענע פערזאנען.

### דער טעגליכער העראלד.

נויארק, זאנטאג, כ״ו אדר ב׳ תרס״ה.

### נעללי איז דא!

פראפעסאר האכמאן׳ס רוח הקודש.

דער גליקליכסטער מענש אין ניו יארק איז נעכטען געווען דזשייקאב קאהען, פון 108 העסטער סטריט. ער האט געפיהלט ארומצוהעלזען דיא גאנצע וועלט און זיא קושען און ער האט אפילו מוחל געווען כאלאכאן קאטץ זיין אנטלויפען מיט נעללי׳ן.

און דיא גאנצע שמחה קאהען׳ס קומט טאקע פון נעללי׳ן, עס הייסט פון נעללי׳ן צוזאמען מיט פראפעסאר האכמאן, דעם געדאנקען־לעזער פון 169 ריווינגטאן סט.

נעללי איז במחילה א פערד, אבער א פערד וואס האט אין זיך א גאנג פון א גרויסען צדיק. זיא פאסט אלע מאנטאג און דאנערסטאג און נעהט מיט אן ארא־פגעלאזענעם קאפ, אומעטיג, לאנגזאם, אזוי וויא זיא וואלט געטרויערט אויף דיא זינד פון דער גרויסער שטאדט ניו יארק.

נעללי איז ביי דזשייקאב קאהען דאס אויג אין קאפ, און פלוצלונג איז נעללי מיט׳ן וואגען פערפאלען געווארען.

פערשטעהט זיך אז מיסטער קאהען לויפט גלייך אוועק צום פראפעסאר האכ־מאן.

„פראפעסאר, מאמעניו,״ וויינט קאה־הען, „קענט איהר מיר זאגען, וואו מיין נעללי איז?״

„איך וועט דיר פינף דאלאר, אז איך זאג דיר וואו דיין נעללי איז!״ האט האכמאן געזאגט.

האכמאן האט ארויסגעבאפט פינף דאָ־לאר און קאהען האט זיי געדעקט מיט 5 אייגענע.

דאן האט האכמאן גענומען א גלעזער־נע באלל, זיא בעשפריצט מיט וואסער און גענומען קוקען אויף דיא טראפענס. עט־ליכע סעקונדען האט ער אזוי געקוקט, דאן האט ער אויסגערופען:

„אט איז דיין נעללי! אויף דעם ווי־ליאמסבורג בריק שלאפט זיא זיך. זיא איז איינגעשפאנט אין דעם עקספרעס און דער מאן וואס טרייבט זיא שלאפט.״

קאהען איז אוועק צום וויליאמסבורג בריק, און צו זיין גרויסער פרייד האט ער דערזעהען זיין נעללי און אלעס איז געווען ריכטיג וויא דער פראפעסאר האט איהם געזאגט.

דער פערשלאפענער דרייווער איז גע־ווען כאלאמאן קאטץ פון 138 עסעקס סט. ער איז ארעסטירט געווארען, אבער נעכ־טען ווען דער טרייעל איז פארגעקומען, האט קאהען געזאגט דעם דזשאדזש אז ער ציהט צוריק דיא קלאגע. „איך בין אזוי גליקליך, דזשאדזש,״ האט ער געזאגט, „אז איך קען נים זעהען אימיצער זאל צוליעב מיר ליידען.״

פראפעסאר האכמאן איז געווען אין קאורט און קאהען האט איהם פארגע־שטעלט דעם דזשאדזש.

„זעהט, דזשאדזש,״ האט ער געזאגט, „דאס איז דער מאן וואס האט געזעהען אין א גלאז אין ריווינגטאן סטריט, אז נעללי איז אויף דעם ניו׳ם בריק. אוי מעל־ין, דזשאדזש, הי׳ איז איי וויאו!״

# קאפיטל ג.

**אויף וואס איז די לעהרע פון פראפעצייהונג געגרינדעט?**

אויסער די פעהיגקייט דורכצודרינגען אין דעם צווייטענס גייסט און זעהן פערבארגענעם — בעשטעהט דיזע לעהרע אויף געוויסע יסודות, אויף געוויסע גרונד־פרינציפען, אויף מאטהעמאטישע טהעאָרעמען און גענויע אויסרעכענונגען. דער מאטעריאל צו דיזע חשבונות ווערט גענומען: א) פון די טיעפע געהיימניסע פון אורים ותומים, נעברויכענדיג צייטענווייז אלס שליסעל דעם שם המפורש; ב) פון די שטערן און די מזלות פון די בעטרעפענדע פערזאנען; ג) פון דעם ריכטיגען בענוצען זיך מיט די הייליגע ספרים, צוגעפאסט צו דעם אויסדרוק וואס יעדע נשמה טראגט אויף זיך.

דער אורים ותומים

| | | |
|---|---|---|
| א׳ ראובן אודם | ב׳ שמעון פטדה | ר״ה״ם לוי ברקת |
| י׳ יהודה נפך | צ׳ יששכר ספיר | ח׳ זבולן יהלום |
| ק׳ יעק דן לשם | כ׳ נפתלי שבו | שבטי גד אחלמה |
| יש׳י׳ אשר תרשיש | רן׳ יוסף שהם | בנימן ישפה |

אויך איז געווען

מיט די 72 בוכשטאבען

פון דעם שם המפורש.

# א.- אורים ותומים.

**בעשפרעכען די גאנצע פראגע פון די אורים ותומים איז נים דא** דער פלאץ און נים איצט די צייט. פיעלע וואהר־זאגער ווייסען גאר דערפון נים און האבען נים געהאט די מעגליכקייט און פעהיגקייט צו שטודירען עס' און עס איז געוועהנליך נים מיין פפליכט צו ערקלעה־רען דייטליך דיזע לעהרע, אום צו געבען א מעגליכקייט די אנדערע זאלען עס ערלעהרנען און רופען זיך נאכהער פראפעסארען אין דיעזען פאך. איך גיעב דא א גורל־ביכעל, וואס איז נאר עטוואס פון די אורים ותומים, א סעמפעל בלויז, און יעדער איינער וועט האבען די מעגליכקייט צו זיין אין פיעלע פראגען זיין אייגענער וואהר־זאגער בענוצענדיג זיך מיט'ן גורל־ביכעל און לעזענדיג אויפמערקזאם די הקדמה צום גורל־ביכעל, וואו אלעס וועט גענויער ערקלעהרט ווערען.

דער אורים ותומים בעשטעהט פון די 72 בוכשטאבען (אותיות) פון דעם שם המפורש פערקערפערט אין 12 קאסטבארע שטיינער, וועלכע האבען מיט זיך פארגעשטעלט די נעמען פון די 12 שבטים און די 12 מזלות. יעדענס גייסט צוגעבונדען צו זיין מזל, האט געהאט א שייכות, א פערוואנדשאפט, מיט איינעם פון די דאזיגע שטיינער דער אורים ותומים איז געטראגען געווארען פון כהן־הגדול אויף זיין ברוסט, און ווען מען האט זיך געווענדעט צום אורים ותומים מיט א פראגע האט א געוויסער שטיין געביטען זיין קאליער און ארויסגע־שיינט העלל אדער מאט און דערפון איז ארויסגעדרונגען געווארען די תשובה; דעם שם המפורש דארף מען אבער ווייסען ווי צו בענוצען, דאס איז א לעהרע וואס מען מוז קענען און אן דעם ווענדעט זיך די ריכטיגע תשובה אויף אלע פראגען, און דעריין בעשטעהט דער הויפט־אונטערשיעד פון א ריכטיגען וואהרזאגער און איינעם וואס פוטצט זיך נור אין פרעמדע פעדערן און בעקרוינט זיך מיט א פאלשען נאמען.

---

קוקט דורך אויפמערקזאם די קעסטעלאך פון דעם אורים ותומים **(אויף פיידזש 17).**

# ב. — די מזלות.

דאָס איז אַן אונבעשטרייטבאַרער פאַקט אַז יעדער מענש האָט זיין שטערען, און זיין לעבענס־גאַנג איז אָנגעצייכענט פון דעם לויף פון דיזען שטערען צווישען די איבעריגע הימעלשע קערפּער. גאָט האָט געזאָגט צו אברהם: „ארבה את זרעך ככוכבי השמים"9) און איך וועל מעהרען דיינע קינדער פּונקט ווי די שטערען פון הימעל, און ווירקליך יעדער נייגעבאָרענער האָט זיין שטערען וועלכער צייגט דעם מזל פון דעם מענשען, און פון הימעל קענען מיר לעזען די צוקונפט פון יעדען, ווענענס שטערען מיר ווייסען.

אויך אין די לעצטע צייטען ווענדעט מען זיך גאַנץ אָפט צו דער הילף פון אַסטראָלאָגען ביי דעם געבורט פון אַ קינד אום אויסצוגעפינען דעם שטערען פון נייגעבוירענעם און דורך זיין פּאָזיציאָן צווישען די פּלאַנעטען לעזען די צוקונפט פון דעם קינד און זיין ווירקונג אויף די אַרומיגע אומשטענדען. איבערהויפּט פּראַקטיצירט זיך עס אין די קעניגליכע הויפען נאָך'ן געבורט פון אַ פּרינץ.

---

9) בראשית כב. יז.




שטודירט גוט דורך וויא דיא שטערען געהען,
וועט איהר עס מעהר פערשטעהען.

דער מארגען זשורנאל — דער טעגליכער הערעלד.

ניו יארק, דאנערסטאג דען 27טען אויגוסט.

DAILY JEWISH HERALD

# שטערן־זעהער

א מכשף פון דער איסט סייד האט אויסגעפונען דורך א שטערן מיני קאהען'ס אנטלאפענעם מאן, סענ־זאציאן אין עסעקס קאורט.

## עגונות פרעהען זיך

יעצט וועלען שוין מעהר נישט משה׳ה קענען אנטלויפען פון זייערע ווייבער. דיא איסט סייד האט א מכשף, וואס קען זיי אויסגעפינען אפילו הינטער דיא הרי חושך. עגונות זיינע מלא שמחת און האפען אין קורצען צו ארעסטירען זייערע אנטלאפענע בעשעהרטע.

דיא ערשטע פראבע איז געמאכט געווארען געכטען אין עסעקס מארקעט קאורט פאר ריכטער פלאמער און זיא איז מסתמא'דיג געראטהען.

מרס. מיני קאהען פון 9 רילענסי סטריט איז נעכטען אריינגעשפרונגען האלב טויט האלב לעבעדיג אין עסעקס מארקעט קאורט און איז צוגעלאפען גלייך צו ריכטער פלאמער מיט דער ביטע ער זאל איהר געבען א פאליסמאן צו ארעסטירען איהר אנטלאפענעם מאן, וועלכען זיא זוכט שוין זייט דיא לעצטע עט־ליכע וואכען. ריכטער פלאמער האט שוין געזעהען מרס. קאהען אין קאורט חודש מע מאהל און אויסגעהערט איהרע צרות. ער האט דארום נישט געדארפט פרעגען ווער זיא איז.

„פליז ניט מיר א פאליסמאן," האט דיא פרוי געזאגט, „איך האב געפונען מיין מאן."

„פון וואנען ווייסטו אז דו האסט איהם געפונען?" האט געפרעגט דער ריכטער.

„איך ווייס ריכטיג וואו ער געפינט זיך; שיק נאך איהם א פאליסמאן און דו וועסט זיך באלד איבערצייגען."

„ביסטו פאזיטיוו?" האט דער ריכטער נאכאמאהל געפרעגט.

„געוויס, יור האנאר, ער וועט זיך געפינען אויפ'ן קארנער פון פיטט סטריט און גרענד סטריט־ריכטיג 10 א זייגער."

„פון וואנען ווייסטו דאס?"

„וואס הייסט פון וואנען איך ווייס? און דו זעהסט יענעם מאן מיט דיא לאנגע האאר וואס זיצט אויף יענער באנק? דאס איז מר. א האכמאן, דער גורלווארפער פון 169 ריווינגטאן סטריט. ער האט עס מיר געזאגט. ער האט מיר פערשפראכען 50 דאלאר אויב ער וועט ניט זיין גערעכט."

„וועל, אום דיר צופריעדען צושטעלען," האט ריכטער פלאמער געזאגט, „וועל איך שיקען א פאליסמאן."

פאליסמאן א'גריידי איז געאָרדערט געווארען צו געהן מיט דער פרוי און וויא איבערראשט איז דער פאליסמאן געווארען דערזעהענדיג דעם אנטלאפענעם קאהען אויף דעם אנגעצייגטען קארנער פונקט אום 10 אוהר! קאהען איז ארעסטירט און געבראכט געווארען פאר דעם ריכטער, וועלכער האט איהם געשטעלט אונטער א הונדערט דאלאר באנדס אז ער וועט געבען זיין פרוי 2 דאלאר א וואך.

ווען דער ריכטער האט ארויסגעגעבען זיין אורטהייל איז מרס. קאהען צוגעלאפען צום פראנט באנק און האט ארומגעכאפט „פראפעסאר" מ. האכמאן מיט בייהדע הענד פאר גרויס שמחה. זיא האט איהם געדאנקט מיט טרעהרען אין די אויגען.

* * *

**לעזען זיי וואס די ציימונגען שרייבען וועגען פראפ. האכמאן.**

# דיא פּטרזטנליכקייט.

יעדער איינער ווערט געבוירען ניט נאָר מיט זיין מזל, מיט זיין שטערען, נאָר אויך מיט זיין אינדיווידואליטעט, מיט זיין אייגענער פּערזענליכקייט, וועלכע מאכט איהם אָבגעזונדערט פון אלע איבעריגע, און דורך דעם איז לייכט דעם ריכטיגען וואהר־זאגען און גרעדאנקען־לעזער צו דערקענען איהם און וויסען אלע איינצעלהייטען וועגען איהם. א קינד ווערט געבוירען מיט 165 פערשיעדענע שטריכען אויף'ן האנד. דיזע שטריכען זיינען אזוי קאָמבינירט, אזוי צוזאמענגעשטעלט אז עס איז ניטאָ קיין גלייכע פּאָר הענד אויף דער וועלט, און דער יעני־גער וואָס האָט די פעהיגקייט און האָט זיך געגעבען די מיה צו ערלעהר־נען פּאלמיסטרי (חכמת היד) קען לעזען פון איינעמס האנד ווי פון אן אָפענעם בוך.

מערקווירדיג איז דער פאקט וואָס דיזע שטריכען, וועלכע ציי־גען בלויז צו זיין אויף דער אויבערשטער הויט, זיינען אין דער ווירקליכ־קייט טיעף איינגעדרונגען אין מענשענס קערפּער, און ווען איינער בריהט זיך אָב, אָדער דורך אן אנדער אורזאכע געהט איהם ארונטער דיא הויט, — בלייבען אלץ די זעלבע שטריכען אויף'ן פלייש און קענען אָהן אנשטרענגונג געלעזען ווערען.

די זעלבע זאך איז אויך מיט די געזיכטס־ציגע פון יעדען מענשען, און פּראָפעסאָר האָכמאַן לעזט דעם מענ'שענס מזל און זעהט זיין גאנצען אינהאלט קוקענדיג בלויז יענעם אין פּנים און בעטראכ־טענדיג זיינע ציגע.

פּראָפעסאָר האָכמאַן ברויכט אָבער ניט צו דיעזען צוועק צו האָבען פיר זיינע אויגען דעם מענשען זעלבסט. א גוטע פאָטאָגראפישע בילד פון געזיכט און א גוטער אבצוג פון דער האנד איז גענוג. דער אבצוג פון דער האנד ווערט געמאכט אויף א פעררויכערטען פּאפּיער, אויף וועלכען מען דריקט שטארק צו די האנד, און נאכהער בעשמירט מען דאָס פּאפּיער מיט בוימעהל אָדער אן אנדער פעטקייט, אום די פער־רויכערונג און די שטריכען זאָלען בלייבען גאנץ. דיזעס פּאפּיער קען געלעזען ווערען מיט דער זעלבער פּינקטליכקייט ווי דער אָריגינאל.

איך מוז אייך אָבער אויפמערקזאם מאכען, אז די האנד־שטריכען קענען בלויז ציינען דעם מזל און גליק אין צוקונפט, ווי דער קו החיים, **קו הכבוד, קו המזל, קו העושר, קו החכמה, קו השלחן, א. ז. וו**

**בלויז די צוויי שטריכען פון קו החיים און קו המזל וואקסען מיט'ן** מענשען און ווערען געביטען, די איבריגע בלייבען די זעלבע, אָבער די האנד צייגט ניט קיין ראטה וואָס מען האָט צו טהאָן אין א'ן אונטערנעהמונג, ליעבע, רייזעס, ביזנעס א. ד. גל. אין אזעלכע זאכען מוז מען זיך ווענדען צום גורל און בעקומען די תשובה דורך'ן אורים ותומים, וואו אַלעס קריגט אַ גענויע און ווירקליכע אַנטוואָרט. איך גיב דאָ פיר מיינע לעזער אַ בילד פון אַ האַנד מיט איהרע פערשיעדענע שטריכען. איהר געפינט דאָ אויך דעם מענשענס קאָפּ איינגעטהיילט אין פערשיעדענע קאַממערלעך, פון וועלכע דער ריכטיגער וואַהר־זאַגער קען זעהן און וויסען גענוי אַלע אויסקינפטע וועגען די בעט־ע־פענדע פערזאָן — אָבער אַלץ מוז מען אָנקוממען צו די הילפע פון אורים ותומים, ווען עס האַנדעלט זיך ניט בלויז וועגען שיקזאַל אַליין, נאָר אויך וועגען אַ ראַטה אין פאַמיליען־אַנגעלעגענהייטען, און רייזעס, בריעף, ביזנעס, אַרבייט, ליעבעס, פּראָצעסען, און דאָס גלייכען פער־שיעדענע אונטערנעהמונגען, וועלכע ריהרען נאָך אָן געוויסע מאָמענ־טען פון לעבען און קענען בשום אופן ניט פערענטפערט ווערען בלויז דורך חכמת היד, חכמת הפרצוף, און די געבוירענע פעסטגעשטעלטע שטריכען.




**די צייכענס פון איין אבגעדרוקטער האנד אויף א'ן פעררויכערט פאפיער**




דאָס זיינען די הויפּט שטריכען פון דער האנד וועלכע שפּיעלען
די הויפּט ראָלע אין מענשען'ס לעבען.

# סוד הכל.

יעדער קינד ווערט געבוירען מיט זיין מזל, מיט זיין שטערען, און מיט זיינע אינדיווידועלע שטריכען. דער לויפגאנג פון דעם שטערען איז אין דער זעלבער הינזיכט, אין'ם זעלבען קרייז פון די עלטערן'ס שטערען, און דער נייער שטערען ווירקט אויף דעם גאנג פון די פריהער עקזיסטירענדע שטערען דורך געוויסע קרעפטען פון נאטור. מיר זעהען גאנץ אָפט ווי א נייגעבוירענעם קינד ווירקט גאנץ אָפט אויף דעם שיקזאל פון די עלטערען, צו גוטען אָדער צו שלעכטען, דאָס ווענדט זיך ווי און ווען דיזע שטערען בעגעגנען זיך, אין לאנג־יעהריגע פראקטיק צייגט דעם ריכטיגען וואהרזאגער ווי אזוי עס געגוי צו זעהן און אויסרעכענען. ווען די ווירקונג פון איין שטערען אויף'ן צווייטען קען פאָרקומען איז ניט אין אלע פעלע גלייך, דאָס ווענדעט זיך אָן דעם קרייז וואו און ווי אזוי די שטערען לויפען, און פראָפ. האָכמאן האָט שוין געהאט אין זיין פראקטיק ביישפיעלע, וואו די ווירקונג איז פאָרגעקומען אין צעהנדליגע יאָהרען שפּעטער נאָך'ן געבורט פון'ם קינד. א גרינדליכע לעהרע פון אורים ותומים, אן ער־פאָלגרייכער שטודיום אין פּאלמיסטרי, א געבוירענע פעהיגקייט און אָפּענזיכטיגקייט, און יאָהרען פון טהעטיגקייט און פראקטיק — פער־זיכערען ערפאָלג און ברייגען די געווינשטע רעזולטאטען.

עס איז אן אונזין פון פיעלע פאמיליעס וואָס האלטען זיך צוריק פון קינדער האָבען, ווייל מעהרערע מאָל ברענגען קינדער פיעל גליק.

עס איז זעהר ניט אנגענעהם זיך אליין צו ריהמען, נאָר אָפטמאָל איז עס א פערברעכען געגען דער מענשהייט צו שטעהן פון ווייטען ווען מען איז אימשטאנדע צו העלפען, און איך ברייננ דארום אין דיזען בוך אייניגע פון די פיעלע אויסציגע פון פערשיעדענע צייטונגען אין אמעריקא און יוראָפּ, ווי מיין טאלאנט און שטודיום האָט פיעלעם אויפגעטהאָן צו העלפען ליידענדע און פערבייטען טיעפען טרויער אין פרייד און גליק, און איך בעט דעם לעזער שענקען א ביסעל אויפמערק־זאמקייט צו די דאָזיגע פאקטען און נעהמען זיך די מיה עס איבער־צולעזען און איבערצייגען זיך וואָס קונסט און לעהרע קענען אויפטהאָן

**פיר דער טובה פון דער געזעלשאפט.**

דיא יודישע פאלקסבלאט.
מאנטאג, דיענסטאג, 21 מאי, 1901.

# געטראפען.

## פראפ. האכמאן איבעררא שט דיא פאליס.

דיא פאליס פון דעלענסי סטריט סטיישאן האט געקראגען צו הערען די וואונדער וואס ווערען ערצעהלט פון פראפעסאר האכמאנן, פון 169 ריווינגטאן סט. נויארק. פראפעסאר האכמאנן איז בעקאנט פיר א קינסטלער אין חכמת היד, און אללע אין דעם געגענד ערצעהלען גרויסע וואונדער וויא אזוי ער טרעפט יעדען זיין פערגאנגענהייט און זיין צרות. וויא ער געפינט אויס סודות און ניט צצות. דיא פאליס האט געוואלט אויסגעפינען אויב עס איז אמת וואס מען ערצעהלט פון דעם פראפעסאר און איהר דיסטריקט און דער דעטעקטיוו לעווי איז געשיקט געווארען ער זאלל בעזוכען דעם טרעפער.

ווען דער דעטעקטיוו איז אריינגעקומען אין האכמאן'ס אפפיס. האט איהם דער קינסטלער גענומען ביי'ן האנד. און האט איהם א ווייל'ע בעטראכט.

—איהר זייט איין איך—האט האכמאן געזאגט צום דעטעקטיוו. אזוי שנעל וויא ער האט בעטראכט זיין האנד. און איך זעה אז אייער נאמען איז לעווי. און איהר זייט א פאליסמאן!

דער דעטעקטיוו איז געווארען איבערראשט. און האט מעהר קיין כח געהאט צו בעהאלטען זיך.

—איהר האט רעכט!—האט ער אויסגערופען.—קיינער האט נאך ביז יעצט נעטראפען אז איך בין א איד. איך זעה אז איהר טרעפט אללעס, זאגט מיר, וואס בין איך געקומען אהער?

—איהר זייט געקומען אויסגעפינען אויב אללעס וואס מען דערצעהלט וועגען מיר איז וואהר. אויב איך בין א פארמשטעלער און א פאלמיסט.

—ביא גאטט דאס איז וואהר!—האט דער דעטעקטיוו געזאגט—יעצט בין איך איבערצייגט אין אייער קראפט.

ווען דער דעטעקטיוו האט זיך אומגעקעהרט צום סטיישאן האט ער ערצעהלט אז ער האט נאך אזא טרעפער וויא האכמאן ניט געזעהן. ער האט נעזאגט אז אנשטאט וואס מען זאלל איהם פערפאלגען. זאלל מען איהם האלטען נאהענט צו פאליס סטיישאן אום מען זאלל בייא איהם קענען פרעגען איין אויפקלעהרונג איבער אללע געהיימניסע וואס דיא פאליציא מיט איהר חכמה קען ניט אויסגעפינען.

דער ציוניסט. שבת דען 20טען דעצעמבער.

# ריטער דעם גייסטעס.

צוויי זאנדערבארע אתפערשטענדליכע, אונערקלעהרליכע ערשיינונגען האבען מיך איבערראשט, פערוואונדערט את פערזעצט אין שטוינען דיעזע וואך

אין קאפע סאלון141 דיוויזיאן סטריט האט א יונגער מאן מיט'ן נאמען יוליאוס פינן געשפיעלט שאך נעגען אכט שטארקע שפיעלער בלינד, דאס הייסט, ער האט ניט געזעהען דיא שאך ברעטער, ער האט ניט געזעהען דיא שאך פיגורען, ער האט ניט געזעהען, וויא זיי שפילען, מען האט איהם נור געזאגט, אז אויף דער שאך ברעט נומער 1 האט מען געמאכט אזא צוג, דאס הייסט, מען האט דארט אזוי געשפיעלט, און עס האט געהייסען שפילען דאנענען, מאכען אן אנדער צוג.

אין א צייט פון פיער שטונדען האט ער בעזיעגט אלע זיינע אכט געגנער. איך בין געזעסען דיא גאנצע צייט וויא א צוגעשמידטער און האב בעוואונדערט דאס זאנדערבארע שפיעל, דיא זאנדערבארע גייסטעס קראפט פון יוליאוס פינן. ניט ווילענדיג האט זיך ארויסגעכאפט פון מיינע ליפען: „ריטער דעם גייסטעס!"

דאס איז ווירקליך א העלדענטהאט פון גייסט, פון קאפ ארבייט, פון קאמבינאציאנס-קראפט. וואו נעהמט זיך דיעזע קראפט? וויא איז עס מעגליך, אז איין קאפ זאלען קעמפפען, זיך ראנגלען, זיך שלאגען אכט פערשידענע געדאנקען, אכט פערשידענע שטעלונגען, אכט פערשידענע קאמבינאציאנען? איך ווייס עס ניט און קען עס ניט ערקלערען, וויא איך קען מיר ניט ערקלערען, וואו עס האט זיך גענומען דיא ריעזען קראפט אין א הערקולעס, אין א שמשון און אין פיעלע אנדערע ריטער דער פויסט.

פיעליינט נאך סערקווירדיגער, נאך איז בערראשענדער אלס דיא גייסטעס-קראפט פון יוליאוס פינן, האט מיך פערזעצט אין שטוינען און בעוואונדערונג, און דאס איז דער געדאנקען לעזער, הערר א. האכמאן. איך האב געלעזען און געהערט פיעלע זאכען פון געדאנקען לעזער, איך בין אבער אזא ניט גלויבער, אזא אפיקורס, אז איך האב קיין מאל ניט געוואלט ניט געהען זיי זעהען, ניט געהען פרובירען זייער קונסט.

צופעליגערווייזע האט מיך א פריינד אריינגעפיהרט צו הערר א. האכמאן, 169 ריווינגטאן סט. איך בין אריינגעקומען מיט א שמיכעל אויף מיינע ליפען, ווייל איך בין שטענדיג געווען נעגען דיא זאגענאנטע שווארצקינסטלער און וואהרזאגער, איך בין נאך יעצט נעגען זיי.

הערר א. האכמאן האט מיר אבער דערראטהען אזוי פיעל זאכען און האט מיר געוויזען אזא קראפט, אזא וואונדער אין זיין קונסט צו דערראטהען יעדעס געדאנקען, אז איך בין נעגען מיין איינענעם ווילען געווארען ערשטוינט, פערוואונדערט, איבערראשט.

וואס איז דאס? פון וואנען קומט עס? וויא ווערט עס? האב איך געפרעגט מיך אליין און האב קיינע אנדערע אנטווארט געפונען אלס: ריטער דער גייסטעס.

איך מוז זאגען, אז עס ווערען געבארען מענשען מיט זאנדערבארע פעהיגקייטען, מיט זעלטענע טאלאנטען, מיט אויסערארדענטליכע קרעפטען, מיט אויסערגעוועהנליכע איינענשאפטען. דער גייסט איז ביי זיי שטארקער, ווי דער קערפער, ווייל זיי זיינען ריטער דעם גייסטעס. וויא אזוי איז עס אבער? דאס ווייס איך ניט, דאס מוז איך ערשט אויסשטודירען.

א. מאנעגבוים.

ודער מארגען זשורנאל אין... [illegible] דיא אידישע הערא... צו יארק, דאנערסטאג דען 6טען מאי

# פראפ. האכמאן ביילער

רער וואהרזאגער האכמאן, וועלכער קען דערראטהען דיא צוקונפט, ווייס אז דער אנגעקלאגטער איז אונשולדיג.

—————

יא שעהנער, הויכער מאן מיט א גאלד שעהנע שווארצע האאר איז געשטערן אריינגעקומען אין יעססעקס מארקעט קאורט און האט ערקלערט מאדשיסטרייט קריין, אז ער וויל געבען בייל פיר וועלכער איז בעשולדיגט אין איינברעכען אין א געשעפט מיט דעם צוועק עס צו בערויבען.

מיט איינינע טעג צוריק האט מען ארעסטירט [illegible] און זיעבען אנדערע, אין א צימער, וואו מען האט געפונען פאר איינינע טויזענד דאלאר געגנבעטע זאכען. מאדשיסטרייט קלארינג.

— מיט וואס בעשעפטיגט איהר זיך?

— האט מאגיסטראט קריין געפרעגט דעם ביילער.

— איך בין דער בעוואוסטער געדאנקען לעזער, פראפעסאר אברהם האכמאן פון 169 ריווינגטאן סטריט. — איז געווען דיא אנטווארט.

— וויא פיעל צייט איהר ווערטה? — האט דער ריכטער געפרעגט.

— איך האב הייזער.

— אין אייערע געדאנקען?

— ניין, הערר ריכטער, — האט פראפעסאר האכמאן געענטפערט, אבער הערט מיך אויס, הערר ריכטער. איך קען לעזען דיא געדאנקען פון מענשען און איך האב גאנץ גענוי געלעזען דיא געדאנקען פון אברהם לאנגנער און געפונען, אז ער איז אונשולדיג. ער איז גאנץ צופעליגער ווייז

לעזט וואס דיא ציטונגען שרייבען וועגען פראפעסאר האכמאי.

# וואָס זיינען חלומות.

חלומות איז אן ערשיינונג וועגען וועלכע עס לוינט זיך א ביסעל אבצושטעלען און בעשפּרעכען עס. נאָר גור פון אָנפאנג מוז איך אייך אויפמערקזאם מאַכען אז עס זיינען דאָ צוויי קאַטעגאָריען חלומות: ריין פיזיאָלאָגישע און גייסטיגע. די פיזיאָלאָגישע חלומות זיינען איינפאַכע פלוישעריי, וואָס ווערען ארויסגערופען צוליעב פיזיאָלאָגישע סבות. ווען איינער עסט זיך צום ביישפּיעל איבער און לייגט זיך שלאָפען מיט אַן איבערגעפילטען מאָגען איז די סירקולאַציאָן פון זיין בלוט ניט קיין רעגעלע, און דער מח געפינט זיך אין אן אונרוהיגען צושטאַנד און רופט ארויס פערשיעדענע פאַנטאַסטישע פאָרשטעלונגען, ניט קיין קלאָהרע בילדער. פיזיאָלאָגישע חלומות קענען אויך מעכאַניש ארויסגערופען ווערען און קענען געבּאַכט ווערען צו אָרדער. ווען איהר רייבט אָן צום ביישפּיעל א צינד־העלץ א שלאָפענדען אין די אויגען, קען עס ארויסרופען אין זיין מאַרך פערשיעדענע בילדער.




אזוי קען פאָרקומען פערשיעדענעס אין א חלום
ווען דער מענש שלאָפט.

וואָס זיינען מעהר אָדער וועניגער געבונדען מיט די איינדריקע וואָס דער רייב אָדער שיין פון צינדהעלץ קען מאכען אויף די נערוועז און די אויגען־מוסקולען פון דעם שלאָפענדען. דער קנאַק פון דעם צינדהעלץ קען ארויסרופען אין איהם דעם איינדרוק פון א דונער, דער שיין קען איהם פאָרשטעלען א בליץ, און ווען איהר זאָלט נאָך דערצו בענעצען זיין קערפער מיט א פליסיגקייט און א בלאָז טהאָן אויף איהם — וועט זיין דאָס בילד פאָלקאָם. און איהם קען זיך חלום'ן א שרעקליכער שטורם מיט א שלאקס־רעגען.

ניט אלע חלומות קענען אָבער ארויסגערופען ווערען, און עס איז אויך פאלש די בעהויפטונג, אז עס קען זיך חלום'ן דאָס, וועגען וואָס מען טראכט. פיעלע וואָלטען וועלען זעהן אין שלאָף זייערע פערשטאָרבענע עלטערען, פיעלע טראכטען וועגען זייערע פערלוירענע געליעבטע, וועגען זייערע קינדער, זיי וואָלטען זעהר וועלען בעגעגענען זיך מיט זיי אין שלאָף, דורכריידען זיך מיט זיי — עס איז אָבער אומזיסט, זיי קומען ניט צו זיי. דאגעגען זעהען מיר אָפט אין שלאָף אזעלכע פערזאָנען וואָס מיר קענען זיי גאָר ניט און ווייסען זיי ניט, און וועלכע זיינען בעשטימט צו שפיעלען א ראָלע ערשט אין אונזער וויטערע צוקונפט.

דיזע חלומות געהערען שוין אָבער צו דער צווייטער קאטעגאָריע, צו די גייסטיגע חלומות, און האָבען א טיעפערע בעדייטונג. דער מענש ווערט אימער געוואָרענט פון זיין מזל בעפאָר עס דארף איהם עפעס טרעפען אָדער דורך א חלום אָדער דורך זיין שטערען. מיר זעהען ביי אלע גרויסע פראָפעטען ווי זיי האָבען בעקומען זייער נבואה צו וואָרנען יעדען איינעם דורך א טרוים, ווי דניאל למשל האָט אין זיינע וואונדערבארע חלומות פאָראויסגעזעהן די גאנצע געשיכטע פון די פעלקער פון קליין אזיען אויף פיעלע יאָהרהונדערטע שפעטער. נאָך אנדערע האָבען אלעס אויסגעפונען דורך די שטערען און אין דער נאכט וואָס אברהם, משה און מאנכע אנדערע זיינען געבוירען געוואָרען, האָבען זיי מיט דער גרעסטער פינקטליכקייט פאָראויסגעזעהן די איבערקעהרעניש וואָס דיזע פערזאָנען וועלען ברייגגען מיט זייער לעבען. אויך אין היינטיגע צייטען ווערען פיעלע זאכען אויסגעפונען דורך די שטערען און מען קען פראָפעצייהען אויף שפעטער בעגעבענהייטען און נעגענווערטיגע פאסירונגען.

ניט אלע מענשען זיינען אבער פראפעטען און בעזיצען ניט די קראפט פאראויסצוזעהן, אדער פערשטעהן דייטליך די מלאכים־שפראך פון א חלום וואס זייער מזל ווארנט זיי. דיזע חלומות קומען צום מענשען פון זיין וואכענדען גייסט, וועלכער איז ניט אין גאנצען אבגעריסען פון דעם שלאפענדען קערפער, דאס איז א טעלעגראמע פון דער נשמה וועגען וייטערע אדער שפעטערע אנגעלעגענהייטען' זיי ענטהאלטען אין זיך א ווארנונג, א בשורה, א ראטה, א. ז. וו., און ברויכען א ריכטיגע בעדייטונג, א דאלמעטשער (אונטוירפיטער) וועל־כער זאל אויסטייטשען דיזע הימעל־שפראך צו די בעטרעפענדע פערזאן



# יוסף'ם חלום

## השמש והירח ואחד עשר כוכבים משתהוים לו.

וויא דיא זון, דיא לבנה און דיא 11 שטערן
האבען זיך צו איהם נעבינט.
בראשית לז. ט.

NEW YORK DAILY NEWS, FRIDAY, AUGUST 28, 1903.

# *EAST SIDE WIZARD RESTORES TRUANT HUSBANDS AND WIVES*

*Abraham Hochman, Reader of the Stars and Professor of Many "Ologies," Awakes to Find Himself Famous.*

*Police Needed to Keep in Line the Women Who Clamor for Prophecies as to Their Runaway Lords.*

Every now and then some man in New York wakes up, like Lord Byron, to find himself famous. Professor Abraham Hockman, the venerable necromancer of 169 Rivington street, annexed the Laurel Wreath yesterday.

When the old professor peered from his studio window at sunrise, he saw the pavement thronged with wildly gesticulating women. They hailed him as the Wizard of the East Side and pleaded for readings of the planets, that they might learn the whereabouts of fugitive husbands. This is how it came about:

On Wednesday evening Mrs. Minnie Cohen, of 9 Delancey street, rushed into the Essex Market Police Court and asked Magistrate Flammer for a policeman to arrest her husband for abandonment.

Sound Prophecy.

"I have been searching for him for a month," she explained, "and to-day I went to Professor Hochman and paid him $1 to read the stars for me. He said I would find my husband at this hour at the corner of Pitt and Grand streets."

The policeman went along, and sure enough there was Cohen in statuesque pose. He was yanked around to the courtroom, where Magistrate Flammer held him in $100 bonds to pay his wife $2 per week for her support.

Like wildfire the tale of the old professor's weird art spread throughout the East Side. Wives recently abandoned, and wives so often abandoned that they were getting accustomed to it, placed the old professor upon their next day's visiting list.

When a reporter for The New York Daily News visited Professor Hochman's studio yesterday afternoon there was a full-fledged panic on the stairway.

A hundred deserted wives of varied ages were struggling frantically to squeeze into the studio. Each was accompanied by her offspring. The offspring ranged in number from four to thirteen. A policeman downstairs was perspiring freely in keeping other deserted wives and children in line. At the studio door a young gentleman was chanting:

'Don't crowd, ladies! The professor will see you all, ladies! Readings are in Yiddish, German and English. No deception here, ladies! Don't let the Professor ask you any questions! He is a mind-reader! He is here to read your minds! Runaway husbands located anywhere!"



Abraham Hochman

(Reproduced from a photograph of the professor, taken when he was himself a beau.)

Professor Hochman proved to be a most genial man.

"I have in my professional career," said he, "located thousands of husbands who have cruelly abandoned their wives. How do I do it? Would you have me 'cough up' my business? Simply say I read the stars. I satisfy my lady patrons. They will all tell you so. That is everything.

"I restore runaway wives to deserted husbands, too," he went on. "Frequently I have a client come in whose wife runs a boarding house in this neighborhood. She has eloped, say, with one of the boarders. The poor, abandoned husband comes in with tears in his eyes and says: 'Professor, my wife has fled with the star boarder. If she does not return the boarding house will go to ruin. Nobody could run it like my Lena. Locate my wife for me and save the boarding house.' Ah! how many happy little boarding houses I have saved from the sheriff's flag by my magic art.

"In reference to my physiognomical powers," observed the old professor, "let me give you an example. Some time ago the captain of the Delancey street station sent round a "fly cop"—a Yiddish "fly cop" named Levy—to look over my business. 'You are a detective,' said I. 'How do you know?' said he. 'By your feet,' said I. That knocked him and he quit.

All-Round Professor.

"But my specialty is restoring husbands to deserted brides. I use several occult books in the process of divining their whereabouts. That's how I got Cohen on the corner of Pitt and Grand. I am a palmist, phrenologist, astrologist, physiognomist and mind reader. I am a general all-round professor, as you observe. Give me a three days' test reading of the stars, and I can locate a missing husband on any part of the East Side."

Then the old professor excused himself to impart glad tidings to another lot of deserted wives, who were clamoring at the door of his sanctum with one-dollar bills in their quivering palms.

THE WORLD: THURSDAY, OCTOBER 6, 1904.

# SEER UNERRING AS SHERLOCK HOLMES.

"Your Horse Is in Seward Park," He Said, Thereby Turning the Laugh Against Police.

A Rivington street mind reader who has the Delphic oracle and Inspector McClusky's gum-shoe bureau beaten to a standstill helped find a lost horse yesterday, and thus again proved the superiority of occultism to ordinary police methods.

Jacob Greenberg, who lives at No. 18 Ludlow street, was peddling grapes on Tuesday evening, and left his horse and wagon, which he valued at $24, outside his house while he went in for his coat.

"My horse and wagon! He is gone! What is it?" cried Greenberg, as he emerged from his house and saw that the trusty steed and equipage had melted into thin air.

Beginning with a small shrill staccato, Greenberg finally reached a loud and lusty yell, which gathered a crowd and brought the reserves on the run from the Eldridge Street Station.

A search of the precinct failed to reveal Bucephalus. In the early morning hours, however, Greenberg came to the police station and said the seer had exercised his powers of mind-reading, in consideration of the fee of ten cents, and had announced that the horse and wagon would be found at Seward Park.

The police, with an unnecessary disrespect for the mystic, laughed at first. Finally they sent out a policeman just to quiet Greenberg.

The horse and wagon were standing where the seer had predicted. Isaac Prinsky, of No. 24 Essex street, who said he was merely holding the horse, was locked up, but was discharged in Essex Market Court by Magistrate Green.

It has not been learned whether the Society for Psychic Research will take the matter up.

לעזט וואס די ענגלישע פרעסע שרייבט
וועגן פראפעסאר האכמאן.

# וואס זיינען שלאף־רעדנער?

---

רעדען פון שלאף איז א העכערע מדרגה פון די גייסטיגע חלומות, און מיר זעהען דעם וואונדער וויא א געוועהנליכער מענש ווערט פלוצים פערוואנדעלט אין א העכערע פערזאן, ער רעדט פון הויכע זאכען פון וועלכע ער האט גאר ניט דעם קלענסטען בעגריף אויף'ן וואהר; ער מאכט די גרעסטע מאטהעמאטישע פראבלעמען ניט קענענדיג איינפאך רעכענען; ער האלט לעקטשורס ניט האבענדיג גאר קיינע פעהיגקייטען דערצו, און רעדט אויף שפראכען וואס ער האט קיין מאל געלעהרענט אדער זאגאר געהערט.

דיזע שלאף־רעדנער צייגען אונז, אז דעם מענשענס גייסט האט אין זיך געוויסער מאסען די פעהיגקייט פון פראפעצייהונג, נאר דיזע פעהיגקייטען ליגען פערבארגען אין זיין גייסט, און נאר דאן ווען דער גייסט בעפרייט זיך פון זיינע קייטען, ווען דער קערפער שלאפט, ציינט ער ארוים זיין קונסט. ווען דער מענש איז וואך, איז זיין גייסט געצווינגען צו דער ערד, ער איז צוגעשמידט צום חומר׳ צו דעם מאטער־יאליסטישען טהייל, און האט ניט קיינע פערבינדונגען מיט די העכערע וועלטען. ווי אבער דער מענש גיט זיך איבער צום שלאף און דער גייסט ווערט בעפרייט, שוועבט ער אום אין יענע הויכע ספערען און בעקומט זיין פולע מאכט. עס ווערט פיר איהם אלעס אפען, ער פיהלט טיעפער און ווייסט פון סודות וואס קיין מענש מיט אפענע אויגען קען עס ניט זעהן און וויסען. פיעל זעהר וויכטיגע און אינטערעסאנטע זאכען וואלט מען געקענט פון איהם דערגעהן, מען דארף אבער וויסען ווי עס ארויסצופארשען און ווי אזוי איהם צו בעהאנדלען — זאנסט איז עס א גרויסע סכנה.

---

פיעלע געהיימע זאכען ווערען ענטדעקט דורך רעדען פון שלאף.

# וואס איז א נאכט וואנדלער.

נאכט וואנדלעריי (סאמנאבוליזם) איז נאך א העכערע מדרגה אין גייסטיגע חלומות, אלס שלאף רעדנעריי, און דאס איז איינע פון די וואונדערליכסטע ערשיינונגען, וועלכע צייגען די קראפט פון גייסט ביי נאכט, ווען ער איז אויסגעטהאן פון קערפער און אבגעזונדערט פון אלע גשמיות (מאטעריאליזם). דער נאכט־וואנדלער אדער סאמנאבו־ליסט טהוט אב אין שלאף די גרעסטע און שווערסטע זאכען, ער קלעטערט אויף די גרעסטע שיבעלניצעס, אויף די געפעהרליכסטע ערטער, און ווערט בעוואכט פון זיין מזל ער זאל ניט געשעדיגט ווערען, ער זאל ניט אראבפאלען, ניט אויסגליטשען זיך. ער געהט פון שלאף מיט צוגעמאכטע אויגען אויף א שפיץ דאך אדער אין אנדערע געפאה־רען, און קומט ארוים בשלום; לעגט זיך צוריק שלאפען און האט ניט דעם קלענסטען בעגריף פון אלעס וואס איז פארגעקומען און וואס ער האט דורכגעמאכט. ווען מען זאל איהם אויפוועקען אין מיטען ארבייט — פערלירט דער גייסט זיין וואונדער־קראפט, ער קען איהם מעהר ניט פערהיטען און דער גרעסטער אונגליק קען פאסירען. זיין נשמה האט איהרע וואונדערליכע פעהיגקייטען נור דאן ווען זי איז ניט צוגעבונדען צום קערפער' ווען זי איז פריי פון די אירדישע קייטען; קוים צווינגט איהר זי צו פעראייניגען זיך מיט דעם אירדישען טהייל פון מענשען — בלייבט זי וואכעדיג, פערלירט איהר צויבער־קראפט און קען שוין מעהר ניט ערפילען דעם פפליכט צו בעוואכען און אבהיטען דעם מענשען.

ווען דער נאכט וואנדלער זאל ניט פערגעסען וואס מיט איהם קומט פאר און זאל געדענקען אלעס וואס זיין מזל טהיילט איהם מיט און וואס ער זעהט, דאן ווען די איבערנאטירליכע קראפט בעהערשט איהם — קען ער פיעלעס ערקלעהרען און פיעלע סודות ענטדעקען — ער טאר אבער ניט אויפגעוואכט ווערען, ער קען געטייטעט ווערען, און מען מוז זעהר פארזיכטיג זיין.

לעזט דעם בריעף וואס דער בעוואוסטער באנקיער אדאלף מאנדעל
פון 155 ריווינגטאן סטריט שרייבט צו פראפעסאר האכמאן.

TELEPHONE 822 ORCHARD

MONEY ORDERS IN ALL ITS BRANCHES SENT TO ALL PARTS OF THE WORLD

Adolf Mandel
BANKER
STEAMSHIP TICKET AGENT
EXCHANGE

AUTHORIZED AGENT BY ALL CONTINENTAL STEAMSHIP COMPANIES

PAYS 4% ON DEPOSITS

155 RIVINGTON STREET

New York, May 16, 1903 190

Mr. A. Hochman,

169 Rivington St., City.

Dear Sir:

I have been requested by one of my customers, by the name of Osias Rosenstein, who left New York on the latter part of March on S.S. Kaiser Wilhelm, to express his sincerest gratitude for the good service rendered to him with your valuable advice.

He also asks me to inform you that he feels much better now, and that your prediction proved to be literally miraculous, for which he feels greatly indebted to you.

Kindly acknowledge the receipt of this communication, and oblige,

Yours truly,

Adolf Mandel
[signature]

דער ריכטיגער וואהר־זאגער האָט די זעלבע פעהיגקייט, וואָס זיין גייסט איז אין שטענדיגער פערבינדונג מיט דער אויסערער וועלט און מיט די מזלות; דער אונטערשיעד איז נאָר דער, וואָס וועהרענד די שלאָף רעדנער און נאכט וואנדלער בעזיצען דיזע קראפט בלויז ביי נאכט, ווען דער קערפער שלאָפט, בעזיצט דער ריכטיגער וואהר־זאגער דיזע קראפט אימער צו, אין אלע צייטען, דער גייסט און דער קערפער איז ביי איהם אימער פעסט צוזאמענגעשלאָסען, ענג פער־בונדען און איז אלע מאָל אָנגעזאפט מיט דער איבערנאטירליכער קראפט צו זעהן און פיהלען וואָס געוועהנליכע מענשען קענען נים זעהן און פיהלען.

איך וויל נים ריידען אויף אנדערע, וועלכע זיינען אין דער פּראָ־פעסיאָן פון וואהרזאגעריי, איך מוז אָבער זאָגען מיינע ווערטהע לעזער אז אין דער שטארקער ענטוויקלונג פון דיזער פעהיגקייט פון דער נשמה צו האָבען אָפטע פערבינדונגען מיט דער אויסערער וועלט — ליגט די גרויסקייט פון דעם וואהרזאגער און די נוצען וואָס ער קען ברייגגען זיינע מיטמענשען. נים אלע בעזיצען אָבער דיזע קראפט אין א גענוגענדען מאסשטאב, און זעהר זעהר ווענינ זיינען דאָ די אמת'ע ערוועהלטע פון נאטור וועלכע קענען ווירקליך שטאָלצירען מים דיזער גרויסער מתנה.

איך דארף זיך נים לויבען, דער נאָמען פּראָפּ. האָכמאַן איז גענוי בעוואוסט איבעראל, ווי אויף דיזער זייט פון אטלאנטישען אָקעאן, אזוי אויך אויף יענער זייט, אין יוראָפּ, און איך מוז מודה זיין אז איך האָב זעהר ווייניג געטראָפען ריכטיג בעגאבטע, ווייל די נאטור איז גאָר נים אזוי פרייגיעביג אין דיזער הינזיכט.

דיזע פעהיגקייט אליין איז נאָך אָבער אויך ווייניג, מען דארף נאָך וויסען דעם אורים ותומים, מען דארף זיין פּראקטיצירט ווי אזוי עס צו הענדלען אָהנע צו מאכען אירטהומס, און מען דארף אויך האָבען קענטניסע, וויסענשאפט פון די געהיימע לעהרען, און זאָל אייך נים זיין לייכט דער ענין פון פותר זיין, ענטשיידען א חלום. אָפטמאָל ווענ־דעט זיך אָן דער ענטשיידונג פון חלום די גאנצע צוקונפט פון מענשען, און מען דארף ווירקליך האָבען א דניאל, א פּראָפעט, צו קענען פּינקט־ליך לעזען דעם הימעל־כתב און אויסטייטשען די מלאכים־שפּראך מיט וועלכער די נשמה רעדט צו אונז אין שלאָף.

## EAST SIDE.

### SATURDAY, JULY 19, 1902.

### MIND READER TOLD ABOUT HER HUSBAND

**Then Mrs. Strauss Kept Watch and Found Him Walking With Other Women—Had Him Arrested.**

Ida Strauss, of No. 11 Hester street, caused the arrest of her husband, Samuel, a tailor, and charged him with abandonment in the Essex Market Court.

The couple have been married about five months. Of late, she says, her husband has been treating her badly and remained away from home. She said she consulted Professor A. Hochman, a "mind reader," of 169 Rivington street, who told her that her husband was paying attention to another woman.

"I don't believe in mind readers," said the Court.

"I do," responded the wife. "After this man told me about my husband I saw him in the company of other women. Before I married him he made a thousand promises of what he was going to do, but he has forgotten all about them."

The man said that his wife was unduly jealous and on that account he could not live with her. He admitted that his wife frequently met him in company with other women, but he said they were operators who worked in the same shop with him.

"Do you think that a married man has a right to go with other women?" asked the wife of the Court.

"I certainly do not," said Magistrate Hogan. He told the man to pay his wife $3 a week toward her support.




AND ADVISER

## THE SUN,

### WEDNESDAY, MAY 4, 1904

### MIND READER BONDSMAN

**Who Knows the Future and Knows That the Prisoner Is Innocent.**

A tall man with bushy black hair went to the Essex Market police court yesterday and announced to Magistrate Crane that he desired to give bail for Abram Langener charged with burglary. Langener, with seven others, was arrested several days ago in a room where several thousand dollars worth of clothing stolen from an East Side store was found.

"What is your business?" asked the Magistrate.

"I am a mind reader," said the man. "I am Professor Abram Hochman of 169 Rivington street."

"What are you worth?" said the Magistrate.

"I own real estate," said Hochman.

"In your mind?"

"No," said Hochman. "But, listen. I can read the future, and I have read this man's mind and know he is innocent. He was in that room at the time on an innocent errand. I can also read your mind. You will discharge him when the case comes up before you to-morrow. Therefore, I have no hesitation on going on his bond. If he were guilty, I would know it and I would not bail him."

Hochman was recognized by several persons in the court room as a man of means, and as he offered good security he was accepted.

"I will be here to-morrow," he said, "to show you that my predictions come true."

## THE SUN,

### THURSDAY, MAY 5, 1904

### MIND READER WAS RIGHT.

**Prisoner He Gave Bail for Discharged, According to Prediction.**

Prof. Abram Hochman, the mind reader of 169 Rivington street, who gave bail on Tuesday for Abraham Langener, one of eight men arrested for burglary, occupied a seat on the front bench when the prisoners were arraigned yesterday in the Essex Market police court.

"I bailed this boy out because I read his mind," said Hochman to Sergt. McCarthy of the court squad, "and I predicted he would be discharged to-day Just wait and see if I am not right."

The prisoners were found in a room in Eldridge street on April 27 with goods valued at $7,000 stolen from a tailor shop on the Bowery.

Langener and one of the others were arraigned first. They said they went to the rooms on an innocent errand.

"The evidence is not sufficient," said Magistrate Crane, "and they are discharged."

The six others, who gave similar excuses, were held in $2,500 bail each for trial.

"What did I tell you," said Hochman.

About 200 friends of Langener gathered around the professor on the sidewalk and almost tore his clothes off trying to shake hands with him. He was rescued by the court squad, who drove the excited crowd away.

לעזט וואס די ציימונגען שרייבען וועגען פראפעסאר האכמאן.

# קאַפּיטעל ד.

## פּראָפעסאָר האַכמאַן און זיין טהעטיגקייט



ען איך בין 7 יאָהר אלט געווען האָבען שוין מיינע עלטערן געטראַכט וועגען מיין צוקונפט מיט ליעבעספולער זאָרגפעלטיגקייט. אויך יעצט, נאָך א פערלויף פון 36 טהעטיגע פרוכטפולע יאָהרען זעה איך לעבענדיג פיר מיינע אויגען מיין פאָטער'ס זאָרגפולען אויסדרוק, בעטראַכטענדיג מיך מיט צווייפעל און וואונדער. איך בין שוין דאן געווען אן אויסערגעוועהנליכער, אן אויסנאהמע אין דער גאנצער נאכבארשאפט.

נאָך דאן, אין די יונגע קינדער יאָהרען' בין איך אימער געווען ערפאָלגרייך אין די ראַטהען וואָס איך האָב געגעבען צו יעדער געלעגענהייט, ווען מען האָט זיך צו מיר געווענדעט אלס צו איינעם וואָס איז בעגאַבט מיט געטליכער, איבער־נאַטירליכער קראפט. מיין פעהיגקייט אלס ראַטהגעבער און וואהרזאגער איז באלד בעקאַנט געוואָרען אין דעם גאַנצען געגענד ארום, און איך האָב בעשלאָסען צו נעהמען גרינדליך ערלעהרנען די געהיימע וויסענשאַפטען און צו ענטוויקלען דעם טאַלאַנט מיט וועלכען די נאַטור האָט מיך בעשאָנקען. איך האָב ניט געשפּאָרט קיין מיה, קיין צייט און געלד, איך האָב ניט געקוקט אויף מיין געזונד און אונערמיעדליך און ענטהוזיאסטיש געלעהרענט און נאָכגעזוכט, און זאָגאָר ביז דער היינטיגער צייט. איך האָב קלאָהר געזעהן אז קיין זאַך טאָר מיר ניט שטעהן אין וועג אום צו עררייכען דעם הויכען צוועק וואָס איך האָב פאַר מיר געשטעלט, און אָנהאַלטען מיט עהרע און צופריעדענהייט די קאַריערע וואָס די נאַטור האָט פיר מיר צוגעגרייט, ערוועהלענדיג מיך אלס ראַטהגעבער, און ארויפלייגענדיג אויף מיר די פפליכט צו העלפען מיינע מיטמענשען, צו דיענען זיי אלס שטיצע אין אומגליק, ווארנען זיי פון שלעכטעס און אָנצייגען זיי דאָס גוטעס דורך ראַטה און טהאַט.

מיין וואונדערליכע קראַפט אַלס גערדאַנקען־לעזער האָט מיר ארויס געהאָלפען אין דורכדרונגען פילע געהיימניסע און מאַכען לייכטער פיעלע שוויריגקייטען. דער לעזער מוז מיר ענטשולדיגען וואָס איך קען איהם ניט קלאָהר מאַכען דיזע פעהיגקייט מיינע — פון וואַנען און פון וואָס זי נעהמט זיך ביי מיר. איז דען מעגליך איבערצוגעבען אַ געבוירענעם בלינדען דעם קלענסטען בעגריף פון דעם שיינענדען פיעל־קאָלירענדיגען רעגענבויגען ? אַזוי איז אויך מעגליך צו ערקלעהרען דעם „זעקסטען" חוש צו לייטע וועלכע בעזיצען איהם ניט, און זיי קענען גאָר ניט בעגרייפען זיין ווירקונג און קראַפט.

איך האָב ניט געוואָלט טראַכטען גאָר וועגען אַן אַנדער פּראָפעסיאָן, איך האָב ניט געזוכט קיין געלד־גליקען, איך האָב זיך אין גאַנצען איבערגעגעבען צו דיזער קונסט און געזוכט מיט אַלע מעגליכקייטען צו ענטוויקלען מיין טאַלאַנט, און אַט־אָ' נאָך 36 יאָהר שווערער ארבייט, האָב איך עררייכט מיין צוועק, און מעג זאָגען מיט ריינעם געוויסען, אַז איך בין איצט דער בעוואוסטעסטער וואָהרזאָגער און קיינער אין דיזער פראָפעסיאָן קען זיך ניט גלייכען צו מיר אין פראַקטיק און וויסענשאַפט פון די געהיימע לעהרען.

טויזענדער מענשען האָבען מיר צו פערדאַנקען זייער גליק, און מיין ערפאָלג טרייבט מיר אַלץ נעהנטער צום פובליקום, איך זאָל אַלץ האָבען אַ גרעסערע מעגליכקייט צו העלפען די ליידענדע און אומגליקליכע דורך אַן עצה, דורך טרויסט און דורך פערשיעדענע אָנצייגונגען. מיין פרינציפּ איז אימער געווען : „זייט איהר רייך און מעכטיג אָדער שוואַך און אָרים — מיין קונסט איז אימער גרייט צו דיענען אייך ווען איהר ברויכט נור!" און די 36 יאָהר פראַקטיקע האָט מיר איבערצייגט אין די ריכטיגקייט פון דיזען פרינציפּ.

צוטרויען צו מיר וועט פערוואַנדלען אייער טרויער אין פרייד, אייער צער אין נחת, אייערע צרות אין גליק, און אייער פערצווייפלונג אין גאָלדענע האָפנונגען.

מיט שטאָלץ און פערגעניגען דערמאָן איך די צאָהלרייכע פערהייראַטהע פּאָרלעך וועלכע זיינען צונויפגעקומען אין צוזיבערקאַמער נאָך לאַנגע ביטערע יאָהרען פון שיידונג און האָבען אָנגעפאַנגען פון דאָס נייע צעהלען זייערע ליעבעס יאָהרען ; פאָטער האָבען מוח? געווען ־י עבירות פון זייערע קינדער און ברידער האָבען בענייט זייערע

ברידערשאפט און פערגעסען פריהעריגע עולות און קריוודעס. אומגליקליכע זיינען גערעטעט געוואָרען פון אָבגרונד און זיינען צוריק אומגעקעהרט געוואָרען צו דער וועלט אלס עהרליכע און גליקליכע בירגער דורך דעם איינפלוס פון מיין איבערנאַטירליכע קראַפט און פעהיגקייט. פיעל פאָטערס האָבען מיר געמוזט נאָכגעבען און שענקען זייער ברכה צו דער אונגעווינשטער האָכצייט פון די ליעבענדע פּאָרלעך! פיעל מאנען האָבען געמוזט צוריק קומען צו די וויסטע עגונות און צו זייערע עלענדע קינדערלעך דורך מיין קראַפט און ווירקונג! פיעל ווערטהפאָלע זאכען זיינען ארויסגעריסען געוואָרען פון דעם גנב'ס הענד דורך מיין וואהרזאגונג, און די אייגענטהימער האָבען בעקומען זייער וואארע (גוטס) צוריק, גאנץ, ניט געריהרט!

עס איז מיר געוועהנליך אונמעגליך אָנצוצייגען אַלע איינצעלנע פעלע וואו מיין ווירקונג האָט געבראכט די געווינשטע רעזולטאטען אין פערלויף פון די 36 יאָהר פון מיין פּראקטיקע — עס איז גענוג צו בעמערקען אין קורצען, אז יעדער אומגליק, יעדער צער' יעדער פעהלער, יעדע פערצווייפלונג קען בעקומען דעם נויטיגען געגען־גיפט, די געווינשטע ראטה אין דעם צוויבער־צימער פון א ריכטיגען געלעהרטען, פּראקטיצירטען און בעגאבטען וואהרזאגער און געדאנקען־לעזער.

פיר די טובה פון די יעניגע וואָס קענען ניט צוליעב ווייטקייט אָדער מאנגעל אין צייט צוקומען און בעראטהען זיך מיט מיר פערזענליך — קען איך זיי אויסהעלפען פון דער ווייטען, ווען זיי שיקען מיר צו א ריכטיגע פאָטאָגראפיע פון געזיכט אָדער אן אבצוג פון די האנד שטריכען, ווי עס איז ערקלעהרט אין קאפּיטעל ג.

אויך האָב איך צוליעב די יעניגע פערפאסט און ארויסגעגעבען איין בוך „די סודות פון אסטראָלאָגיע", וואָס ענטהאלט פערשיעדענע פראגען, וועלכעס עס פּאסירט אין מענשענס לעבען, געפּרינטעט אין 5 שפּראכען: אידיש, ענגליש, דייטש, פּאָלניש און איטאליעניש. יעדער קען דאָרט אויסגעפינען וואָס איהם אינטערעסירט און פּראָפ. האָכמאַן קען איהם דורך'ן אורים ותומים בעאנטוואָרטען די פראגע וואָס ער האָט זיך צו הויזע אויסגעקליבען.

דאָס בוך איז קאָפּירירט אין וואשינגטאָן.

דער פּרייז פון בוך איז 25 סענט מיט פּאָרטאָ. דעם בעטראג קען מען צושיקען מיט פּאָסט סטעמפּס אָדער מאָני אָרדערס.

פיר אנפראגען און איינצעלהייטען מוז צוגעליינט ווערען א פאסט סטעמפ מיט אן אדרעסירטען אינוועלאפ.

פראפעסאר האכמאן.
169 ריווינגטאן סטריט
ניו יארק.

PROF. A. HOCHMAN
169 Rivington Street, New York, N. Y.

---

לעזט וואס דיא ווילסענ'ס דעטעקטיוו איידזשענסי שרייבט צו פראפעסאר האכמאן.

TELEPHONE, 4188 FRANKLIN

WILSEN'S DETECTIVE AGENCY

GEO. E. WILSEN, PRINCIPAL

ALL CLASSES OF WORK UNDERTAKEN, IN ANY PART OF THE WORLD, FOR WHICH THE LAW PROVIDES A REMEDY

LICENSED AND BONDED BY THE STATE OF NEW YORK

299 BROADWAY NEW YORK, February 27, 1907.

Prof. A. Hochman,
169 Liberty St.,
New York.

Dear Professor:-

My attention was drawn to a man who lost $500 some four or five days ago and went to your office for advice, and you advised him that his only friend had stolen the money during the night and that if he went home and accused the man of taking the money he would find it right in the house. He did this and the result was that the money was found as stated to him. Another party informed me of this wonderful gift of yours and spoke to me very highly about you. I thought I would let you know how good news travels, as it reached my office to-day.

Hoping you are well, I am

Very truly yours,

Geo. E. Wilsen.

**New-Yorker Staats-Zeitung, Donnerstag den 27. August 1903.**

## Es lebe die Astrologie!

**Wie eine verlassene Frau wieder zu ihrem Manne gekommen ist.**

Minnie Cohen, No. 9 Delancey Straße wohnhaft, hatte sich schon eine Woche lang die Hacken abgelaufen, um ihren ihr abhanden gekommenen Gatten ausfindig zu machen, der sie angeblich im Stich gelassen hatte. So hatte sie denn auch einen Haftsbefehl gegen ihn erwirkt. Gestern nun stürmte sie in das Essex Market Gericht und erzählte frohlockend, sie wisse nun, wo ihr Mann sich aufhalte und man möge ihr einen Polizisten mitgeben.

Auf die Frage, woher sie wisse, daß ihr Mann dort sei, deutete sie auf einen alten Mann mit langem Haar und einem Käppchen auf dem Haupte, bemerkend, dieser Mann heiße Abe Hochmann, sei Astrologe und habe ihr gesagt, er sei bereit, ihr fünfzig Dollars zu geben, wenn er ihr nicht ganz genau sagen könne, wo ihr Mann sei. Um die Sache kurz zu machen, der Richter sandte einen Polizisten an genannte Stelle, und der Himmel weiß, wie es zuging, dieser Polizist fand wirklich Cohen vor. Dieser wurde denn auch prompt verhaftet und unter $100 Bürgschaft gestellt, mit der ausdrücklichen Bedeutung, daß er seiner Frau wöchentlich zwei Dollars Alimente zu zahlen habe. Nachdem der Richter über diesen Fall verfügt, erhob sich Minnie und warf sich dem Astrologen Hochmann um den Hals und küßte ihn zum größten Verdrusse ihres Mannes. Gleichzeitig umschwärmten den Alten mehrere Weiber, denen ebenfalls die Männer abhanden gekommen sind und drangen in ihn, ihnen gleichfalls zu helfen. Der Alte aber lächelte in sich hinein und erklärte, erst einmal darüber gründlich nachdenken und träumen zu müssen.

**Morgen-Journal, Donnerstag, den 27. August 1903.**

## Astrolog fand Gatten.

Auf seltsame Weise entdeckte Frau Minnie Cohen, von No. 9 Delancey Str., den Aufenthalt ihres Gatten, gegen den sie einen Haftbefehl wegen böswilligen Verlassens und Nichtunterstützung erwirkt hatte, ohne seiner habhaft werden zu können. Gestern erschien sie nun mit triumphirender Miene im Essex Market-Polizeigericht und theilte dem Kadi mit, wo Cohen sich zur Zeit befände. Richter Flammer fragte sie erstaunt, woher sie denn das erfahren habe. „Der „Zauberer" Abe Hochman, von No. 169 Rivington Str., hat mir verrathen," erwiderte sie voll Vertrauen, "daß er sich um 10 Uhr an der Ecke von Pitt Str. und Grand Str. befinden werde." Auf ihre Bitten willigte der Kadi ein, einen Polizisten dorthin zu senden und richtig wurde Cohen an der angegebenen Stelle vorgefunden und verhaftet. Er wurde im Gericht unter $100 Bürgschaft gestellt, um seiner Gattin $2 wöchentlich zu geben.

**New Yorker Herold, Mittwoch, den 4. Mai 1904**

## Las in den Sternen.

**Professor Hochman erblickte dort Beweise für Langener's Unschuld.**

Professor Abram Hochman, von 169 Rivington Str., der als Wahrsager an der Ostseite berühmt ist, erschien gestern im Essex Market Polizeigericht um $1000 Bürgschaft für Edward Langener zu stellen, der letzte Woche in Verbindung mit einem $10,000 Einbruche gemeinsam mit sieben Anderen in einem Hause in Stanton Str., in welchem die gestohlenen Waaren gefunden wurden, verhaftet worden war, ohne von der Polizei direkt der Theilnahme an dem Einbruche geziehen zu werden. Der Professor erklärte, daß er die Zukunft zu ergründen verstehe und in den Sternen klar und unwiderleglich die engelsreine Unschuld Langener's ersehen habe. Er sei sogar überzeugt, daß auch der Magistrat heute an die Unschuld des Angeklagten glauben werde. Da der Professor der Eigenthümer werthvoller Gebäude in Harlem ist, wurde seine Bürgschaft angenommen und Langener aus dem Gewahrsame entlassen.

Professor A. Hochman.
Gedanken-Leser, Ratgeber, Palmist, Astrolog
Hellseher, Psycholog, Physiognom, Medium.

# פארערע.

דורך מיינע פיעלע יאהרען שטודירען און ערפאהרונג האב איך פערפאסט א גורל־בוך, וואס יעדער איינער זאל קענען זיך אליין גורל ווארפען, און ניט ברויכען אנקומען צו פאלשע נביאים, וואס מען פלעגט זיי אמאל רופען די נביאי הבעל, זיי פלעגען שרייען אויף זיך' אז זיי זיינען די ריכטיגע נביאים; דאס זעלבע איז אויך מיט די יעצטיגע 10 אדער 15 סענטיגע גורל ווארפערס, וואס זיי שרייבען אויף זיך דאס זיי קענען אלעס טרעפען, און פערשטעהען אליין ניט דעם סוד, ווייל די תורה וואס זיי האבען געלערנט, איז נור פון א געקויפט ביכעל, אבער דעם ריכטיגען גורל פון דעם אורים ותומים האבען זיי קיין מאל ניט פערשטאנען און זיי פערשטעהען יעצט אויך ניט. דארום האב איך מיר גענומען צייט צו מאכען א ריכטיגען גורל־בוך, מיט דעם רעכנונג פון אורים ותומים, דאמיט יעדער זאל זיך קענען אליין גורל ווארפען, ווי פון די אלטע צייטען פלעג מען אויך אויף יעדע זאך גורל ווארפען. עס שטעהט אין חומש, פרשת פנחס: (על פי הגורל תחלק נחלתו בין רב למעט), דורך גורל זאל מען צוטהייי־לען די ערבשאפט (ירושה), זא ווי פיר מעהרערע זא פיר וויינינער, א. ז. וו. די זאך איז ביי יעדען בעוואוסט, דעריבער איז ניט נויטהיג איבער דעם פיעל צו ריידען, ווייל דאס ספר אורים ותומים וועלכעס אונזער אידישע נאציאן האט עס געברויכט און בענוצט דורך דער גאנצער צייט פון דעם בית שני און אויך דורך דער צייט פון פיעלע אלטע דורות נאך דעם בית שני, וועלכעס די 70 זקנים פון אונזער נאציאן וועלכע האבען געלעבט דורך די צייטען פון תלמי מלך מצרים, זייט דיא גרעסטע „וועלטס־נאציאן“ פראגען האבען זיך אימער בענוצט מיט דעם אראקעל (אורים ותומים), וואס זיי זיינען צוזא־מענגעשטעלט געווארען מיט 4 טורים און ע"ב (72) אותיות, וועלכעס עס שטעקט אין דעם איין גרויס געהיימניס, און מיט איין וואונדער־בארע חכמה. דערצו וואר יעדע פערזאן געווארענט מיט 4 זאכען, איין זאך מען זאל קיין אנדערע מיינונג האבען אין די צייט ווען מען ווארפט זיך גורל, צווייטענס, פון גורל קיין שפאס מאכען — זאנסט קריגט מען אויף דער פראגע קיין ריכטיגע אנטווארט, דריטענס, צוויי מאל אויף איין פראגע דארף מען ניט פרעגען אין איין טאג, פיערטענס, מעהר ווי אויף 3 פראגען דארף מען אין איין טאג ניט גורל ווארפען. דאס זעלבע זייט איהר אויך יעצט געווארענט, דאס איהר זאלט האלטען פון די 4 פונקטען, וועט איהר אויסגעפינען ווי פיין און

ריכטיג דער גורל וועט אייך אנטוואָרטען. דער גורל איז געמאַכט על פי ע"ב אותיות שמות השבטים וואָס זיינען געשריבען אויף דעם חושן, צוואַר ווען איך זאָל דאַרפען אַרויסגעבען דעם גאַנצען אורים ותומים מיט אַלע פראַגען וואָס פּאַסירט אויף דער וועלט, דורך מיינע ערפאַהרונג, וואָלט איך בעדאַרפט אַרויסגעבען איין בוך מיט אייניגע טויזענד בלעטער, אָבער מיין צייט ערלויבט מיר ניט. דערפאַר האָב איך דאָס בוך פערפאַסט אין קורצען, אום אייך איבערצוצייגען דאָס גורל וואַרפען מוז מען קענען, ווייל דאָס עקזיסטירט פון די אַלטע צייטען, וואָס איך האָב אייך איבערגעגעבען, וואָס איהר געפינט עס אין פיעלע וויסענשאַפטליכע ביכער, און איך האָף אז דאָס ביכעל וועט אייך געפעהלען, ווייל עס וועט אייך טרעפען אַלעס, בעסער ווי אַלע גורל-וואַרפערס, ווייל זיי אַליין ווייסען ניט וואָס דער אורים ותומים מיינט און ווען דער לעזער פון דיזען בוך פערשטעהט עס ניט גענוי, זאָ ווענדעט אייך אין מיין אָפיס, וועל איך אייך ערקלעהרען.

אַכטונגספאָל פּראָפעסאָר האָבמאַן.




אהרן הכהן אין דעם חושן מיט די 12 קאָסטבאַרע שטיינער, וועלכע ווערען גערופען אורים ותומים.



"PLANETS OF LIFE"

THEY CHANGE EVERY MINUTE

ניט יעדע סעקונדע אין לעבען איז גלייך,
אין איין מינוט קען מען ווערען ארעם אָדער רייך.

# וויא אזוי זיך גורל צו ווארפען.

וועהלט אייך אין דיזען בוך א פראגע, וועלכעס אייך אינטערע־סירט, און איהר זאָלט געדענקען דעם נומער פון דער פראגע, נאָכהער זאָלט איהר נעהמען ערבסען, אָדער ניס, אין דער רעכטע האנד, און מיט דער לינקער האנד אוועקצעהלען די זיבענערס און וויפיעל עס וועט אייך בלייבען פון די זיבענערס זאָלט איהר צורעכענען צו דעם נומער פון דער פראגע, און נאכהער דעם נומער זוכען אונטער די שבעה כוכבי לכת, שמות המזלות (די נעמען פון די מזלות), און דאָס וועט אייך צייגען ווי צו געפינען די אנטוואָרט אויף אייער פראגע. די סומע וואָס איז אייך געבליבען פון די זיבענערס אין די שורה וועט איהר געפינען אייער אנטוואָרט. ווי צ. ב. ש., ווען מען נעהמט זיך איין פראגע: אויב די צייט וועט זיך בעסערען. איז דער נומער פון דער פראגע 28, און ווען פון די זיבענערס וואָס איהר האָט אוועקגעצעלט איז אייך געבליבען 6, איז צוזאמען 34, זאָלט איהר זוכען דעם נומער 34 ביי די מזל הכוכבים, דאָרט געפינט איהר דאָס מזל מאדים און דערביי א וואָרט אחלמה פון דעם אורים ותומים. זאָלט איהר אויפ־זוכען דעם אורים ותומים מזל מאדים. אין איין קעסטעלע וועט איהר געפינען דאָס וואָרט אחלמה, אונטער דעם אחלמה שטעהט א נאָמען דן קאַפּיטעל נום. 71 אין דער 6טע שורה, אזוי ווי עס איז אייך געבליבען 6 פון די וואָס איהר האָט אוועקגעצעהלט, וועט איהר פּינקט־ליך טרעפען אייער אנטוואָרט: אז די צייט וועט זיך בעסערען, נור מען זאָל משנה מקום זיין. אָדער צום ביישפּיעל, איהר ווילט וויסען: צו מען זאָל צו הויזע פאָהרען, איז דער נומער פון דער פראגע 39 און פון די זיבענערס איז אויך געבליבען 4, איז צוזאמען 43. דאָרט ביי דעם נומער 43 שטעהט מזל כוכב, ישפה. דאַן זאָלט איהר זוכען דעם מזל כוכב. אין באקסעל געפינט מען דאָס וואָרט ישפה, פון הינטען שטעהט מזל חמה קאַפּיטעל נומער 60. זאָלט איהר זוכען דאָס קאַפּיטעל נומער 60 אין די 4טע שורה, אזוי ווי עס איז אייך געבליבען 4, וועט זיין די אנטוואָרט: פאָהר ניט, וועסט האָבען טראָבעל. דאָס זעלבע קען מען טהאָן מיט א ספר אפילו מיט א סדור. מען מאכט אויף א ספר, מיט וואָס פיר איין אות עס פאנגט זיך זאָל מען אוועקרעכענען די זיבענערס פון דעם בעטראג פון אות און דאָס רעסט צורעכנען צו דעם נומער פון דער פראגע, וועט איהר אלעס האָבען ריכטיג בעאנט־

וואָרענט. און ווען עס בלייבט אייך גאר ניט פון די זיבענערס, זאָלט איהר אייך דעם טאָג קיין גורל ניט וואַרפען. דאָס איז דער ריכטיגער גורל וואָס איהר קענט אויסגעפינען איין ריכטיגע אַנטוואָרט אויף אייער פראַגען.

און ווען איהר ווילט מעהרערע זאַכען אויסגעפינען וואָס עס שטעהט ניט אין דיזען בוך, זאָלט איהר קומען אָדער שרייבען צו מיר, וועל איך אייך געבען די בעסטע ראַטה על פי הגורל.

---

פראָפעסאָר א. האָכמאַן, 169 ריווינגטאָן סטריט, ניו יאָרק.

1. וועל איך הייראַטהען אין קורצען?
2. וועל איך הייראַטהען איין שעהנע פרוי?
3. זאָל איך נעהמען דעם חתן וואָס מען רעדט מיר?
4. זאָל איך נעהמען די כלה וואָס מען טראָגט מיר פאָר?
5. האָט די פּאַרטיע זאָ פיעל געלד ווי מען זאָגט?
6. איז אמת וואָס דער שדכן זאָגט מיר פאָר?
7. צו דענקט וועגען מיר דער בוי וואָס איך דענק?
8. צו דענקט וועגען מיר דאָס מעדכען וואָס איך ליעב?
9. זאָל איך בלייבען אונפערהייראַטה (סינגעל)?
10. איז מיין גליק יעצט אָדער נאָך דער חתונה?
11. צו וועל איך האָבען איין רייכען מאַן?
12. וועל איך גוט לעבען מיט מיין מאַן, אָדער פרוי?
13. ליעבט מיך מיין מאַן, אָדער פרוי?
14. צו וועל איך מיט דעם מאַן קינדער האָבען?
15. צו וועל איך האָבען גוטע קינדער?
16. וועלען מיך מיינע קינדער האַלטען בכבוד?
17. וועט דאָס נייגעבוירענע קינד גליקליך זיין?
18. וועט מיר גאָט העלפען אָהנע קינדער'ס הילף?
19. וועט מיר ביים צווייטען מאָל הייראַטהען בעסער זיין?
20. ווער וועט לענגער לעבען, מאַן אָדער פרוי?
21. צו וועל איך לאַנג איין אלמן אָדער אלמנה בלייבען?
22. וועט מיין מאַן שנעל פון דער רייזע קומען?
23. זאָל איך דאָס געשעפט מאַכען וואָס מען ראַטה מיך?
24. וועל איך פערדיענען געלד אַן די סחורה?
25. צו וועט די סחורה אָנקומען?
26. צו וועט די סחורה טהייערער ווערען?

27. זאָל איך בלייבען ביים געשעפט ?
28. וועט זיך מיר די צייטען בעסערען ?
29. זאָל איך מיט דעם מענשען פארטנער מאכען ?
30. קען איך מיך פערלאָזען אויף דעם מענשען אין געשעפט ?
31. זאָל איך דעם מענשען צונעהמען צו דער ארבייט ?
32. מעג מען דעם מענשען געטרויען (טראָסטען) ?
33. וועט מיר דער מענש מיין שולד בעצאָהלען ?
34. צו וועל איך גליק האָבען אין שפּיעלען ?
35. צו האָט מען דאָס געלד ערהאַלטען ?
36. האָט מען דעם בריעף ערהאַלטען?
37. צו וועל איך באַלד א בריעף ערהאַלטען ?
38. וועל איך די ירושה בעקומען ?
39. זאָל איך צו הויזע פאָהרען?
40. וועלכע רייזע זאָל איך מאכען ?
41. וועט מיין פערלאַנג ערפילט ווערען ?
42. וועל איך אמאָל זיין רייך ?
43. וועט דער קראַנקער געזונד ווערען ?
44. ווי בעקומט מען די בעסטע מעדיצין ?
45. זאָל איך פון דער וואָהנונג מופען ?
46. זאָל איך ארבייטען געהן וואו איך דענק ?
47. וועל איך עקזיסטירען אין דעם פּלעים ?
48. איז מען פון מיר צופריעדען ?
49. וועט מען מיר העכערען מיין געהאַלט ?
50. איז בעסער פאר מיר צו ארבייטען, אָדער ביזנעס ?
51. וועט זיך מיר דער שאָדען גְעפינען ?
52. וועט דער געפאַנגענער גיך פריי ווערען ?
53. איז די פערזאָן שולדיג אין דעם פערברעכען ?
54. צו וועל איך געווינען דעם פּראָצעס ?
55. צו זאָל איך אפּעלירען דעם פּראָצעס ?
56. וועל איך שנעל פון מיינע צרות בעפרייט ווערען ?
57. ווער קאָן מיר פון מיינע צרות ארויסהעלפען ?
58. זאָל איך צושטעהן צום מיליטער ?
59. וועל איך זיין פריי פון מיליטער?
60. זאָל איך פאָהרען אין דער קאַנטרי ?

61. צו זאָל איך בעלאנגען צו דער סאָסייעטי?
62. זאָל איך לעהרנען מוזיק שפּיעלען ?
63. זאָל איך פיר איין אמט לויפען ?
64. זאָל איך מיך לעהרנען טאַנצען ?
65. זאָל איך שטודירען פיר איין עקטאָר ?
66. זאָל איך געהן זיין איין הויזקיפּער ?
67. ליעבט מיך דער לענדלאָרד ?
68. ווייסט מיין מאַן, אז איך בין שלעכט ?
69. צו זאָל איך סטאָפּען פון געמבלינג ?
70. צו זאָל מען טשענדזשען דעם האָספּיטאל?
71. צו זאָל איך באנקראָטירען (פעהלען)?
72. זאָל איך מיין געלד. אוועקלייהען ?



ישעיה



ירמיה

# די שבעה כוכבי לכת

| מספר החבור | מזל הכוכבים | אורים ותומים |
|---|---|---|
| 2 | מזל שבתי — | ברקת |
| 3 | מזל צדק — | יהלום |
| 4 | מזל מאדים — | שהם |
| 5 | מזל חמה — | אחלמה |
| 6 | מזל נוגה — | לשם |
| 7 | מזל כוכב — | שבו |
| 8 | מזל שבתי — | תרשיש |
| 9 | מזל צדק — | ישפה |
| 10 | מזל מאדים — | יהלום |
| 11 | מזל חמה — | ישפה |
| 12 | מזל נוגה — | נפך |
| 13 | מזל כוכב — | פטדה |
| 14 | מזל שבתי — | אדם |
| 15 | מזל צדק — | ברקת |
| 16 | מזל מאדים — | ספיר |
| 17 | מזל חמה — | פטדה |
| 18 | מזל נוגה — | יהלום |
| 19 | מזל כוכב — | אחלמה |
| 20 | מזל שבתי — | פטדה |
| 21 | מזל צדק — | לשם |
| 22 | מזל מאדים — | נפך |
| 23 | מזל חמה — | שבו |
| 24 | מזל נוגה — | אדם |
| 25 | מזל כוכב — | שהם |
| 26 | מזל שבתי — | נפך |
| 27 | מזל צדק — | ספיר |
| 28 | מזל מאדים — | לשם |
| 29 | מזל חמה — | ברקת |
| 30 | מזל נוגה — | ספיר |
| 31 | מזל כוכב — | לשם |
| 32 | מזל שבתי — | ספיר |
| 33 | מזל צדק — | שהם |
| 34 | מזל מאדים — | אחלמה |
| 35 | מזל חמה — | שהם |
| 36 | מזל נוגה — | פטדה |
| 37 | מזל כוכב — | נפך |
| 38 | מזל שבתי — | יהלום |
| 39 | מזל צדק — | פטדה |
| 40 | מזל מאדים — | שבו |
| 41 | מזל חמה — | נפך |
| 42 | מזל נוגה — | שהם |
| 43 | מזל כוכב — | ישפה |
| 44 | מזל שבתי — | לשם |
| 45 | מזל צדק — | אדם |
| 46 | מזל מאדים — | ברקת |
| 47 | מזל חמה — | לשם |
| 48 | מזל נוגה — | אחלמה |
| 49 | מזל כוכב — | אדם |
| 50 | מזל שבתי — | שבו |
| 51 | מזל צדק — | נפך |
| 52 | מזל מאדים — | אדם |
| 53 | מזל חמה — | ספיר |

# די שבעה כוכבי לכת

| מספר החבור | מזל הכוכבים | אורים ותומים |
|---|---|---|
| 54 | מזל נוגה — | שבו |
| 55 | מזל כוכב — | ברקת |
| 56 | מזל שבתי — | אחלמה |
| 57 | מזל צדק — | שבו |
| 58 | מזל מאדים — | פטדה |
| 59 | מזל חמה — | תרשיש |
| 60 | מזל נוגה — | ישפה |
| 61 | מזל כוכב — | ספיר |
| 62 | מזל שבתי — | שהם |
| 63 | מזל צדק — | אחלמה |
| 64 | מזל מאדים — | ישפה |
| 65 | מזל חמה — | אדם |
| 66 | מזל נוגה — | ברקת |
| 67 | מזל כוכב — | יהלום |
| 68 | מזל שבתי — | ישפה |
| 69 | מזל צדק — | תרשיש |
| 70 | מזל מאדים — | תרשיש |
| 71 | מזל חמה — | יהלום |
| 72 | מזל נוגה — | תרשיש |
| 73 | מזל כוכב — | תרשיש |
| 74 | מזל שבתי — | ברקת |
| 75 | מזל צדק — | יהלום |
| 76 | מזל מאדים — | שהם |
| 77 | מזל חמה — | אחלמה |
| 78 | מזל נוגה — | לשם |
| 79 | מזל כוכב — | שבו |



מזל שבתי. הטור האחד.

| | | |
|---|---|---|
| אֹדֶם<br>רָחֵל 58 | פִּטְדָה<br>מֹשֶׁה 46 | בָּרֶקֶת<br>מַזָּל לְבָנָה 70 |
| נֹפֶךְ<br>מזל קשת 40 | סַפִּיר<br>עבדיה 16 | יָהֲלֹום<br>צפניה 22 |
| לֶשֶׁם<br>אֲבִימֶלֶךְ 64 | שְׁבוֹ<br>מַזָּל תְּאוֹמִים 10 | אַחְלָמָה<br>מִשְׁלֵי 28 |
| תַּרְשִׁישׁ<br>אֶסְתֵּר 34 | שֹׁהַם<br>דְּבוֹרָה 52 | יָשְׁפֵה<br>שְׁמוּאֵל 4 |

מזל צדק. הטור השני.

| | | |
|---|---|---|
| אֹדֶם<br>מַזָּל דְּלִי 50 | פִּטְדָה<br>שָׂרָה 56 | בָּרֶקֶת<br>יְהוֹשֻׁעַ 2 |
| נֹפֶךְ<br>עָמוֹס 14 | סַפִּיר<br>אֵיכָה 32 | יָהֲלֹום<br>צִפּוֹרָה 44 |
| לֶשֶׁם<br>יְשַׁעְיָה 8 | שְׁבוֹ<br>יוֹסֵף 68 | אַחְלָמָה<br>מַזָּל אַרְיֵה 20 |
| תַּרְשִׁישׁ<br>יְהוּדִית 62 | שֹׁהַם<br>נְחֶמְיָה 38 | יָשְׁפֵה<br>מַלְאָכִי 26 |

מזל מאדים. הטור השלישי.

| | | |
|---|---|---|
| אדם<br>איוב 29 | פטדה<br>מזל טלה 1 | ברקת<br>חוה 41 |
| נפך<br>חגי 23 | ספיר<br>לאה 59 | יהלום<br>מזל כוכב 65 |
| לשם<br>דינה 53 | שבו<br>מזל עקרב 35 | אחלמה<br>דן 71 |
| תרשיש<br>יחזקאל 11 | שהם<br>יונה 17 | ישפה<br>אהרן 47 |

מזל חמה. הטור הרביעי.

| | | |
|---|---|---|
| אדם<br>עזרא 37 | פטדה<br>נחום 19 | ברקת<br>שלמה 49 |
| נפך<br>רות 31 | ספיר<br>מלכים 7 | יהלום<br>מזל שור 5 |
| לשם<br>שאול 67 | שבו<br>שמשון 61 | אחלמה<br>יוכבד 43 |
| תרשיש<br>מזל דגים 55 | שהם<br>מזל בתולה 25 | ישפה<br>יואל 13 |

## מזל נוגה. הטור החמישי.

| | | |
|---|---|---|
| ברקת<br>ראובן 63 | פטדה<br>אדם 39 | אדם<br>שופטים 3 |
| יהלום<br>קהלת 33 | ספיר<br>מזל גדי 45 | נפך<br>מרים 51 |
| אחלמה<br>רבקה 57 | שבו<br>תהלים 27 | לשם<br>מזל סרטן 15 |
| ישפה<br>שם 69 | שהם<br>ירמיה 9 | תרשיש<br>חבקוק 21 |

## מזל כוכב. הטור הששי.

| | | |
|---|---|---|
| ברקת<br>מזל מאזנים 30 | פטדה<br>בנימין 72 | אדם<br>מיכה 18 |
| יהלום<br>חנה 54 | ספיר<br>זכריה 24 | נפך<br>יפתח 6 |
| אחלמה<br>הושע 12 | שבו<br>דוד 48 | לשם<br>נח 42 |
| ישפה<br>מזל חמה 60 | שהם<br>למך 66 | תרשיש<br>דניאל 36 |

## מזל טלה — נומער 1.

1. געה צו פּראָפעסאָר האָכמאַן, 169 ריוווינגטאָן סטריט.
2. עס וועט נאָך א צייט דויערען.
3. זאָלסט דיך זעהן צו פערגלייכען.
4. בעסער פערגלייך דיך בעפאָר.
5. ער ווייסט גראָדע יאָ פון דעם פערברעכען.
6. די פרייהייט וועט קומען דורך א פערזאָן.

## יהושע — נומער 2.

1. נאָך מעהר ווי דו וועסט אליין פערלאַנגען.
2. די ליעבע איז פאַלש, און אימער גענאַרט.
3. וועסט לעבען גוט, מאַנכעס מאָל א ביסעל קריג.
4. א גרויסער פערדינער, אָבער א קאַרגער.
5. עס אָנבעלאַנגט וואָס פיר איין פּאַרטיע דו וועסט הייראַטהען.
6. זאָלסט חתונה האָבען, ווייל דיין גליק קומט דורך קינדער.

## שופטים — נומער 3.

1. מעגסט עס מאַכען, דו וועסט פערדיענען.
2. ער וועט קומען אומגעריכט.
3. מוזט נאָך לאַנג וואַרטען צו טרעפען איין פּאַרטיע.
4.ביידע וועלען אין איין צייט שטאַרבען.
5. אזוי ווי דו וועסט פיהרען, אזוי וועט זיין.
6. דיין הילפע קומט דורך פריינד.

## שמואל — נומער 4.

1. ער ליעבט דיך זעהר פיעל.
2. זוך עטוואָס אַנדערעס וועט דיר בעסער זיין.
3. דיין גליק איז ניט אין עקטען.
4. יאָ, אז עס וועט דיר ניט שאַדען צו די ביזנעס.
5. בעסער שטרעב וועגען פרנסה, ניט וועגען קיין אמט.
6. אז דו ביזט ניט נערוועז מעגסטו לעהרנען.

## מזל שור — נומער 5.

1. דו זאָלסט יאָ טשענדזשען דעם האָספּיטאַל.
2. ווען וואָלסט געווען סטאַפּען ביז יעצט וואָלט בעסער געווען.
3. ער ווייסט עטוואָס, נור ער וויל מעהר אויסגעפינען.
4. ער ליעבט דיך און אנדערע אויך.
5. איינס וויל יאָ, שפּעטער וועסט דו ניט דאַרפען.
6. ווען דו האָסט יעמאַנד זאָל פיר דיר טרייען, טהו עס.

## יפתח — נומער 6.

1. מען האָט דעם בריעף שוין ערהאַלטען.
2. מען האָט דאָס געלד ניט ערהאַלטען.
3. דיין גליק איז אין ביזנעס, ניט אין שפּיעלען.
4. מיט שווערע מיה וועסט דו די שולד בעקומען.
5. פיעל ניט באָרגען (טראָסטען).
6. היטע דיך, ער וועט דיר טראָבעל פערשאַפען.

## מלכים — נומער 7.

1. יא, ער וועט פריי ווערען.
2. דו וועסט דיין שאָדען ניט געפינען.
3. דיין גליק וועט קומען דורך ביזנעס.
4. פאַנג נאָר יעצט ניט אָן דעריבער צו שפּרעכען.
5. ניט אַ יעדער איז פון דיר צופריעדען.
6. ווען דו וועסט זיין טריי, וועסט דו קענען עקזיסטירען.

## ישעיה — נומער 8.

1. איהר וועט זיך עלטערען, היט זיך נאָר פאַר אַ צופאַל,
2. אַ ביסעל בעסער, ניט פיעל.
3. די קינדער וועלען אויך פון דיר נעהמען.
4. אויף די מיטעלע יאָהרען וועט עס דיר גליק ברייננגען.
5. אזוי ווי דו צו זיי, אזוי זיי צו דיר.
6. ווען עס וועט שלום בית זיין, וועלען קינדער גוט זיין.

## ירמיה — נומער 9.

1. דיין פערלאנג וועט ערפילט ווערען.
2. די ווייטערע רייזע זאָלסט דו מאַכען.
3. מעגסט פאָהרען, נור וועסט מוזען צוריק קומען.
4. יעמאַנד זאָל צוהעלפען וועסט דו שנעלער בעקומען.
5. דער בריעף איז געקומען אין צייט.
6. וואָס דו האָסט קיין בריעף, איז דיין אייגענע שולד.

## מזל תאומים — נומער 10.

1. א ביסעל שפּעטער וועט מען דיר אליין דערלעגען (העבערן).
2. מען איז ניט פון דיר צופריעדען.
3. היטע דיך פון פיינדע, וועסטו קענען עקזיסטירען.
4. מעגסט געהן, נור היט דיך פון שונאים.
5. זאָלסט טרייען קריגען בעסערע רומס, און זאָלסט מופען.
6. קויפט ביי דוד דאָקמאַן, 165 ריווינגטאָן סט. מעדיצין וועט דער קראַנקער שנעל געזונד ווערען.

## יחזקאל — נומער 11.

1. דו זאָלסט דורכאוים פון שפּיעלען סטאָפּען.
2. מען רעדט אויף דיר, נור ער גלויבט ניט.
3. ער מיינט זיך, פערשטעהסטו ?
4. עס אָנבעלאַנגט וואָס פיר איין פּלאַץ; ניט אַלע זינד גוט.
5. שלאָג עס דיר אַרויס פון קאָפּ, זוך עטוואָס אַנדערעס.
6. אז וועסט ניט לערנען, וועסט דו אויך קענען טאַנצען.

## הושע —נומער 12.

1. דיין גליק איז אויף דער עלטער, אָהן קינדער'ס הילף.
2. עס וועט דיר פיעל גליק בריינגען.
3. ניט פון אַלע גלייך: מאַנכע יאָ, מאַנכע ניט.
4. וועסט האָבען שלעכטע און גוטע.
5. וועסט האָבען, נור זיי פאָרזיכטיג אין שווענגערען.
6. אזוי ווי דו ליעבסט, אזוי האָט מען דיך.

## יואל — נומער 13.

1. פאר דער חתונה בעסער, מיט ווייניג זאָרג.
2. זאָלסט ניט חתונה האָבען.
3. אזוי ווי דו פון איהר, אזוי זי פון דיר.
4. ווען ער זעהט דיך, דענקט ער אָן דיר.
5. זאָגאָר עס איז ניט אמת, אָבער די פּארטיע איז גוט.
6. פרעג ניט אויף געלד, נור אויף קרן.

## עמוס — נומער 14.

1. בעסער צו מאכען איין געשעפט.
2. יאָ, יעמאנד זאָל פיר דיר שפּרעכען.
3. אלעס איז גוט, נור מענשען ריידען אויף דיר.
4. איינסדערווייל בלייבע, שפּעטער ווערסט דו אליין טשענדזשען.
5. דאָס פּלאץ איז ניט פאר דיר.
6. אין איין אנדער פּלאץ, ניט אין דער זעלבער סטריט.

## מזל סרטן — נומער 15.

1. נאָך מעהר ווי מען זאָגט צו.
2. זי איז ניט גוט פאר דיר.
3. יאָ, גוט! אָבער ער דענקט נאָך וועגען אנדערע.
4. ניט שעהן, אויך ניט קיין הויז־ווירטהין.
5. עס אָנבעלאַנגט ניט אין דיר, נור אין פאמיליע.
6. מענסט לייהען, אָבער ניט דאָס גאנצע געלד.

## עבדיה — נומער 16.

1. ניין, ער איז ניט פאר דיר.
2. מעגסט דיך פערלאָזען אויף דיזען מענש, ער איז גוט.
3. מעגסט מיט איהם פּארטנער מאכען.
4. זיי צופריעדען ווי עס דיר יעצט איז.
5. מעגסט טרייען אָן אנדער געשעפט.
6. פערקויף ווי דו קענסט, דען שפּעטער ווערט ביליגער.

## יונה — נומער 17.

1. ער איז פאַר דיר זעהר גוט.
2. עס וועט זיין נאָך דיין וואונש און מיט מזל.
3. אייל דיך ניט וועט עס בעסער זיין.
4. דיין געלד זאָלסט דו יעצט אין גאָר ניט אינוועסטען.
5. אייל דיך יעצט ניט וועסט דו שפּעטער בעסער מאַכען.
6. זאָלסט נעהמען דעם ראַטה פון דיין דאָקטאָר.

## מיכה — נומער 18.

1. מען איז פון דיר זעהר צופריעדען.
2. דיין גליק איז ניט אין דיזען פּלעים.
3. זאָלסט געהן, נור מיט איין אגרימענט (קאָנטראַקט).
4. דיין מזל איז אין אַן אנדער שטאָדט.
5. די בעסטע פּאַטענט מעדיצין איז אין 165 ריווינגטאָן סט.
6. דער קראַנקער מוז איין רייזע מאַכען.

## נחום — נומער 19.

1. אזוי ווי דו האָסט געהאַלטען דיינע עלטערען.
2. זיי וועלען זיין פיין, יעדער וועט דיך מקנא זיין.
3. איייניגע יאָהרען נאָך דער חתונה, וועסט דו האָבען.
4. וועסט ניט זיין אייפערזיכטיג, וועט בעסער זיין.
5. אַלעס קאָן גוט זיין, נור איינער דעם אנדערען זאָל פערשווייגען.
6. דיין רייכטהום קומט נאָך דער חתונה.

## מזל אריה — נומער 20.

1. מעגסט לעהרנען מוזיק, עס וועט דיר צוניץ קומען.
2. צו אנדערע יאָ, צו דיזער ניט.
3. פאָהר אָהן קאָמפּאַני, וועט דיר בעסער זיין.
4. עס דאַרף געלד קאָסטען, דאַן וועסט דו קענען ארויס פריי.
5. טריי בעסער אנדערס וועט דיר בעסער זיין.
6. פּראָפעסאָר האָכמאַן העלפט יעדען און וועט דיך אויך העלפען

## חבקוק נומער 21.

1. יא, נאָר זאָלסט זיך פאַרזעהן מיט איינעם פון די קרעדיטאָרן.
2. דו זאָלסט דעם האָספּיטאל ניט טשענדזשען.
3. דורך געמבלינג (שפּיעלען) וועסט דו אונגליקליך ווערען.
4. מאנכעסמאָל האָט ער א פּערדאכט, אָבער ניט אימער.
5. פון זיין ליעבע קען דיר קיין גוטעס קומען.
6. צו איין פרעמדען, אָבער ניט צו קיין בעקאנטען.

## צפניה — נומער 22.

1. ווירסט אין קורצען איין בריעף בעקומען.
2. מען האָט נאָך ניט ערהאלטען.
3. עס איז פערהאלטען, ווירסט באלד אנטוואָרט קריגען.
4. דענק ניט אָן שפּיעלען, וועט דיר בעסער זיין.
5. ווירסט אָבנעהמען, אָבער זאָלסט ניט מעהר בארגען.
6. ער וועט וועלען אָבגעבען, אָבער ער וועט ניט זיין אימשטאנד.

## חגי — נומער 23.

1. ווירסט זיך שנעל בעקענען, און הייראטהען.
2. די פרוי וועט לענגער לעבען.
3. עס וועט פיעל ערגער זיין, ווי פריהער.
4. דו ווירסט ניט דארפען פון די קינדער.
5. עס וועט דיר פיעל פרייד און גליק פערשאפען.
6. גיעב זיי ניט נאָך, וועלען זיי דיך בכבוד האלטען.

## זכריה — נומער 24.

1. זאָלסט ניט פאָהרען אין קאָנטרי.
2. זעהר שווער זיך צו בעפרייען.
3. אָהן מיליטער וועסט דו דיך בעסער ארויפארבייטען.
4. דער בעסטער ראטהגעבער אין ניו יאָרק איז פּראָפ. האָכמאַן.
5. דער פרעמדער מאן וועט דיר זיין א גוטער פריינד.
6. דער לויער וועט שוין אלעס בעזאָרגען.

## מזל בתולה — נומער 25.

1. דיין גליק איז ניט צו שפּיעלען.
2. יעמאַנד וועט פיר איהם בעצאָהלען.
3. דיזעס מאָל וועט ער אָבגעבען, שפּעטער ניט.
4. אָנפאַנגס גוט, אָבער שפּעטערע צייטען שלעכט.
5. ער איז אָרענטליך, אָבער ער טויג ניט זעהר פיעל.
6. אייערע כאַראַקטערע וועלען ניט קענען איינשטימען.

## מלאכי — נומער 26.

1. זי דענקט אָן דיר מעהר, ווי דו אָן איהר.
2. ער האָט דיך אפילו ניט אין די געדאַנקען.
3. עס איז ניט אמת, וואָס ער זאָגט דיר צו.
4. דאָס געלד איז דאָ, נור אין פרעמדע הענד.
5. זי איז גוט, אָבער ניט די פאַמיליע.
6. ער האָט איין גוטען כאַראַקטער, נור איז א גרויסער ספּענדער.

## תהילים — נומער 27.

1. יא, די פּערזאָן איז שולדיג.
2. ניט אזוי שנעל וועט ער פריי קומען.
3. מיט א צייט וועט דיר יעמאַנד זאָגען פון שאדען.
4. דיין גליק איז אין ביזנעס, אָבער ניט יעצט.
5. מעגסט בעטען וועגען א רעיז דעם באָס (שעף).
6. צייג מעהר צופריעדענהייט, וועט פיר דיר בעסער זיין.

## משלי — נומער 28.

1. זאָלסט ניט אַפּעלירען דעם פּראָצעס.
2. דו ווירסט דעם פּראָצעס ניט געווינען.
3. מעהרערע זיינען אין דעם שולדיג.
4. דורך א גוטען לאָיער וועט ער שנעל פריי קומען.
5. דו ווירסט דעם שאדען בעקומען, נור עס וועט לאַנג דויערען.
6. דו ווירסט אין ביזנעס ניט פעהיג זיין.

### איוב — נומער 29.

1. דיין שאדען וועט זיך געפינען.
2. בעסער צו ארבייטען.
3. מיט יעמאנד'ס הילף וועט מען דיר ערזעצען (העכערן).
4. ווי אמאָל, ניט יעדען טאָג גלייך.
5. ווירסט עקזיסטירען, מען וועט דיך פיעל ליעבען.
6. אייל ניט, דו ווירסט דורך איין אנדערען בעסער קריגען.

### מזל מאזנים — נומער 30.

1. דו ווירסט דעם פראָצעס געווינען.
2. די פערזאָן איז ניט שולדיג.
3. די פערזאָן וועט בעשטראָפט ווערען.
4. איין אנדערע פערזאָן וועט דיר זאָגען פון שאדען.
5. ארבייט ביז יעמאנד וועט דיר אָנטראָגען א געשעפט.
6. פרעג ניט יעצט, שפעטער יא.

### רות — נומער 31.

1. מעגסט די רייזע מאכען וואָס דיין הארץ גלוסט.
2. מעגסט פאָהרען פיר א לוסט-רייזע.
3. מיט א צייט שפעטער, ניט יעצט.
4. דער בריעף וואר אויפגעהאלטען.
5. אומפערהאָפט וועסט דו בעקומען.
6. דאָס געלד איז געקומען אין צייט.

### איכה — נומער 32.

1. די סחורה וועט ביליגער ווערען.
2. ווירסט האָבען א ביסעל ערגערנים, ביז דו ווירסט זי ערהאלטען.
3. ווערסט קוים ארויס מיט דעם קרן.
4. אָנפאנגס גוט, שפעטער שלעכט.
5. ער האָט אורזאכען, אָבער קומען וועט ער.
6. א שדכן וועט דיר באלד א שדוך צוטרעפען.

## קהלת — נומער 33.

1. אין די עלטערע יאָהרען וועט עס דיר גרויס פרייד מאַכען.
2. וועסט פון זיי האָבען נחת און פרייד.
3. וועסט פון די קינדער צרות האָבען.
4. דאַרפסט פרעגען איין דאָקטאָר, אָבער קינדער וועט זיין.
5. דורך דיין כאַראַקטער איז די ליעבע געמישט (געמיקסט).
6. דורך איין געבוירענעם קינד, וועט דאָס לעבען זיין גליקליך.

## אסתר — נומער 34.

1. ער דענקט וועגען דיר, דאָס זעלבע ווי דו פאַר איהם.
2. די הויפט זאַך איז, די פאַרטיע זאָל דיר געפעלען.
3. מיט הילפע פון פריינד, קאָן דאָס געלד זיין.
4. ניין! זי האָט אין זינען אנדערע.
5. ער אַליין איז גוט, אָבער ניט זיין פאַמיליע.
6. נאָך דער הייראַטה וועט איהר שעהנהייט קומען.

## מזל עקרב — נומער 35.

1. זאָלסט ניט פאָהרען.
2. דו וועסט די ירושה ניט בעקומען.
3. אַן אנדערער וועט ערהאַלטען, און וועט עס אָבגעבען.
4. דו מוזט בעפאָר אַהין שרייבען.
5. עס איז געקומען אַן אנדער פערזאָן אין האַנד.
6. דורך שפּיעלען וועסט דו דיין גליק פערשפּיעלען.

## דניאל — 36.

1. מעגסט דיין געלד לייהען, נור אויף הייזער (מאָרטגעדזשעס).
2. זאָלסט עס יעצט ניט טהאָן.
3. עס איז קיין אונטערשיעד אין וועלכען האָספּיטאַל.
4. מעגסט דיך אַמוזירען, אָבער ניט געמבלען.
5. ער ווייסט עטוואָס, אָבער ער מאַכט זיך ניט וויסען
6. מיט פיעל פערשטאַנד קענסט דו מעהר האָבען ווי פון ליעבע.

## עזרא — נומער 37.

1. דו מעגסט זיך לעהרנען, עס וועט דיר נוצען ברענגען.
2. באדער דיך ניט וועגען קיין אמט וועט דיר בעסער זיין.
3. לערען פיר דיר צו קענען, אָבער קיין לעבען דערפון מאכען.
4. צו איין סאָסייעטי קענסט דו בעלאנגען, אָבער ניט צו מעהר.
5. ווען דו קאָנסט ניט פיעל ספענדען, פאָהר ניט.
6. ניין, עס וועט דיר אזוי בעסער זיין.

## נחמיה — נומער 38.

1. באָרגען וועט דיר מאכען זאָרגען.
2. נעהם איהם, ער איז אָרענטליך און טריי.
3. קענסט דיך פערלאָזען, אָבער מוזט אליין אכטונג געבען.
4. בעסער אליין, ניט מיט קיין פּארטנער.
5. דורך א פּערזאָן, וועט זיך דיין צייט בעסערען.
6. דערווייל זאָלסטו בלייבען, עס איז ניטאָ בעסער.

## אדם — נומער 39.

1. מען האָט דאָס געלד ערהאלטען.
2. דיין גליק איז ניט יעצט.
3. ער וועט דיר בעצאָהלען מיט דאנק.
4. וועסט דארפען ווארטען, וועסט אלעס צוריקקריגען.
5. זאָלסט איהם ניט פיעל געטרויען.
6. זאָלסט בעסער מיט דעם מענשען ניט האָבען צו טהאָן.

## מזל קשת — נומער 40.

1. מיט שווערער מיה ווירסט דו סחורה ערהאלטען.
2. ווירסט פערדיענען מעהר, ווי דו רעכענסט זיך.
3. אָנפאנגס וועט עס זיין שלעכט, שפּעטער גוט.
4. ער וואָלט שוין לאנג נעקומען, מען האלט איהם צוריק.
5. איילע דיך נישט, ווירסט שפּעטער בעסער טרעפען.
6. **ביידע וועלען לאנג לעבען.**

### חוה — נומער 41.

1. זאָלסט ניט מופען פון דער וואָהנונג.
2. 165 ריווינגטאָן סט. בעקומט מען די בעסטע פּאַטענט מעדיצין.
3. די קראַנקהייט וועט לאַנג דויערען, און וועט געזונד ווערען.
4. בעט גאָט וועגען געזונד, ניט פאַר רייכטהום.
5. דורך יעמאַנדען קאָן עס ערפילט ווערען.
6. אויף ניט פאָהרען וועסט דו קיין חרטה האָבען.

### נח — נומער 42.

1. היט דיך פאַר דעם מענשען, ער איז אונטריי.
2. דער פּאַרטנער איז ניט פאַר דיר.
3. זיי געדולדיג, די צייט וועט דיר בעסער זיין.
4. ווי דו וועסט זיין, וועט זיין דאָס זעלבע.
5. די סחורה וועט טהייערער ווערען, אָבער באַלד פאַלען.
6. דורך א צופאַל וועט זי פערהאַלטען ווערען.

### יוכבד — נומער 43.

1. זי איז בעסער פיר דיר, ווי דו פיר איהר.
2. ער איז ניט פאַר דיר גוט.
3. ניט זעהר שעהן, נור קלוג און א בריה.
4. דו ווירסט הייראַטהען צור בעשטימטער צייט.
5. מענסט עס לייהען, נור אויף איין קורצער צייט.
6. פאַס אויף אַז מיט דיין פעהלען וועט מען דיך בעטריגען.

### צפורה — נומער 44.

1. זי ווירד שעהן זיין, אָבער ניט קלוג.
2. עס ווירד לאַנג ניט דויערען.
3. זאָלסט דיין געלד לייהען, נור מיט גוטע סעקיוריטי.
4. זעה דיך גוט פאַר מיט איין לאָיער, דען טאָמער?
5. ווען ביז 8 טאַגע קיין בעסערונג זאָלסט דו טשיינדזשען.
6. אז דו ווירסט סטאַפּען, ווירסט דו מיט א צייט זיין רייך.

## מזל גדי — נומער 45.

1. אָנפּאַנגס יאָ, שפּעטער אַליין זיין.
2. די צייט וועט זיך ניט בעסערען.
3. זעה בעפאָר אַן אַנדערעס, נאָכהער וועסט דו בייטען.
4. די סחורה וועט טהייערער ווערען, מיט אַ צייט שפּעטער.
5. די סחורה וועט צו דער צייט ניט אָנקומען.
6. דו וועסט דערצו ניט דערלעבען.

## משה — נומער 46.

1. עס בעלאַנגט מיט וועמען דו וועסט הייראַטהען.
2. דו וועסט מוזען געברויכען קינדערס הילף.
3. עס וועט דיר קיין גרויס גליק ברענגען.
4. ווי אַמאָל, די צוקונפט וועט גוט זיין.
5. דורך דיינע קינדער וועסט דו אַ גרויסען נאָמען האבען.
6. וועסט האָבען קינדער, און אויך דערלעבען אייניקלעך.

## אהרן — 47.

1. יאָ, מעגסט לויפען, נור זאָלסט זיך פּאַרזעהן.
2. זאָלסט ניט לעהרנען, עס וועט דיר קיין נוצען ברענגען.
3. בעסער שטרעב פיר פּערדיענסט, ניט פיר סאָסייעטים.
4. מיט קאָמפּאַניע מעגסט דו פאָהרען.
5. אַ ביסעל געדולד מיט שכל, וועט מען דיר אַליין בעפרייען.
6. ווען דו ווילסט האָבען אַ ביסעל צרות, שטעה צו.

## דוד — נומער 48.

1. יאָ, עס איז אַלעס וואהר, נור מיט מעהר מעלות.
2. זאָגאָר אַ העלפט אויך ניט.
3. זי איז ניט קיין גרויסע ווירטהין.
4. ער איז ניט דיין בעשעהרטער (זיווג).
5. זי וועט זיין מיט אַלע מעלות, שעהן און קלוג.
6. עס וועט לאַנג דויערען, עס וועט דיר זיין לטובה.

## שלמה — נומער 49.

1. די צייט וועט זיך דיר בעסערען.
2. בלייב, די צייט וועט זיך בעסערען.
3. די סחורה וועט שטעהן אין דעם זעלבען פרייז.
4. עס וועט א ביסעל דויערען, אָבער וועסט זיין צופריעדען.
5. אייל דיך ניט דערמיט, וועסט נאָכהער פערדיענען.
6. דאָס געשעפט איז גוט פיר דיר, אָבער ניט יעצט.

## מזל דלי — נומער 50.

1. דעם בעסטען מעריצין בעקומט מען אין 165 ריווינגטאָן סט.
2. עס וועט זיך לאַנגזאם בעסערען.
3. עס וועט דיר איממער זיין גוט.
4. עטוואָס וועט ערפילט ווערען, אָבער ניט אלעס.
5. פיעלייכט שפּעטער, אָבער ניט יעצט.
6. ווען מען פערלאַנגט דיך, זאָלסט דו פאָהרען.

## מרים — נומער 51.

1. א קליינער פערדיענער און א קאַרגער.
2. נאָך דער חתונה מיט פיעל פערגעניגען און פריידע.
3. זאָלסט חתונה האָבען, נור זוך נאָך איין גוטע פּאַרטיע.
4. דורך פאַמיליע קאָן זי ניט אָן דיר דענקען.
5. ער דענקט וועגען דיר, און אויך וועגען אַנדערע.
6. אַלעס איז אמת, אָבער די פּאַרטיע איז ניט פאַר דיר.

## דבורה — נומער 52.

1. זאָלסט ניט בעלאַנגען צו דער סאָסייעטי.
2. מעגסט פאָהרען, וועסט האָבען פערגעניגען.
3. אז מען וועט פיר דיר טרייען וועסט דו ארויס פריי.
4. יא, עס וועט דיר ברענגען פיעל נוצען פיר צוקונפט
5. פּראָפעסאָר האָכמאַן איז דער בעסטער ראַטהגעבער.
6. דו מוזט זיך וועגען דעם מיט יעמאַנדען בעראַטהען.

## דינה — נומער 53.

1. לאָז דאָס געשעפט אויס, וועסט בעסערס טרעפען.
2. די סחורה וועט טהייערער ווערען.
3. וועסט ערהאַלטען מיט צופריעדענהייט.
4. וועסט ניט פיעל פערדיענען, נור ערגערנים האָבען.
5. פאָלג ניט קיינעם, טהו נאָך דיין פערשטאַנד.
6. ער איז אין וועג, וועסט באַלד האָבען נאַכריכט.

## חנה — נומער 54.

1. יא, מענסט געהן, זוך נאָר נאָך איין גוטעס פּלאַץ.
2. זאָלסט פון דיר ניט חוזק מאַכען.
3. עס איז גוט צו קענען, אָבער צייט איז טהייערער.
4. עס אָנבעלאַנגט ווער עס וועט דיר אָקעגען לויפען.
5. דאָס לעהרנען איז ניט פאַר דיר, לערען אַן אנדער זאַך.
6. דו מענסט בעלאַנגען, עס וועט דיר גוט זיין.

## מזל דגים — נומער 55.

1. זאָלסט יא צושטעהן צום מיליטער.
2. די בעסטע ראטה קריגסט דו ביי פּראָפעסאָר האַכמאַן.
3. דו מוזט אָבווארטען, ביז די ריכטיגע צייט וועט קומען.
4. ביים אפּעלירען קענסט דו נאָך פערליערען.
5. עס ווענדעט זיך פיעל אָן די עדות, (וויטנעס).
6. ער ווייסט אפילו גאָר ניט דערפון.

## שרה — נומער 56.

1. יא, וועסט די ירושה בעקומען.
2. וועסט אזוי גיך קיין בריעף בעקומען.
3. דער בריעף איז אין וועג.
4. דאָס געלד איז פערהאַלטען דורך א טעות (אירטהום).
5. קענסט מאַנכעס מאָל עטוואָס געווינען.
6. וועסט בעקומען אָבער ניט מיט אמאָל.

### רבקה — נומער 57.

1. דו וועסט עקזיסטירען, אָבער וועסט האָבען ערגערנים.
2. דערווייל ניט, שפּעטער וועסט דו האָבען אַ בעסער פּלאַץ.
3. די וואָהנונג איז ניט פאַר דיר.
4. די בעסטע און ביליגסטע מעדיצין, 165 ריווינגטאָן סטריט.
5. נעהם דעם דאָקטאָר'ס ראטה, וועט ער געזונד ווערען.
6. דיין גליק איז געמישט (געמיקסט).

### רחל — נומער 58.

1. די ליעבע איז הערצליך און טריי.
2. וועסט לעבען גוט און גליקליך.
3. אַ קליינער פערדיענער, און אַ ספּענדער.
4. דאָס גאַנצע גליק איז נאָך דער חתונה.
5. ווילסט איין אנשטענדיג לעבען פיהרען זאָלסטו חתונה האָבען.
6. זיי ביי זיך שטאָלץ, וועט זי מעהר דענקען.

### לאה — נומער 59.

1. זיי וועלען זיין אין דיר געראָטהען.
2. דו האָסט מיט איהם קיין גליק צו קינדער.
3. די ליעבע איז גוט, אָבער ניט אימער גלייך.
4. ווען די פּרנסה וועט זיין גוט, וועט איהר גוט לעבען.
5. ער וועט זיין גוט, און אַ גרויסער בעל תכלית.
6. עס וועט זיין דאָס זעלבע, בעסער זאָלסט דו הייראַטהען.

### מזל חמה — נומער 60.

1. וועסט זיין זעהר רייך.
2. עס וועט ניט ערפילט ווערען.
3. די נעהנטערע רייזע זאָלסט דו מאַכען.
4. פּאָהר ניט, וועסט האָבען טראָבעל.
5. וועסט דיך מוזען פּראָצעסירען וועגען די ירושה.
6. אין קורצען וועסט דו ערהאַלטען אנטוואָרט אויף דעם בריעף.

### שמשון — נומער 61.

1. ניט אזוי געשווינד ווי דו דענקסט.
2. ניט לאנג, וועסט הייראטהען אומגעריכט.
3. דער מאן וועט לענגער לעבען.
4. עס וועט פיעל בעסער זיין ווי פריהער.
5. אמאָל, אָבער ניט אימער.
6. א גרויס גליק, נור א ביסעל ערגערניס.

### יהודית — נומער 62.

1. ניין, ער ווייסט ניט.
2. ווי אמאָל, ניט אימער גלייך.
3. ווען מען בעט דיך, מעגסט דו געהן.
4. עס דארף לאנג געדויערען ביז דו וועסט עס קענען אויספירען.
5. אז דיין פערגעניגען איז אין דעם, זאָלסט דו.
6. ווען מען וועט דיך בעטען, זאָלסט דו לויפען.

### ראובן — נומער 63.

1. ווען דו פיהלסט דיך אין טאלענט, זאָלסט דו עס טהאָן.
2. ניין, האב ניט אין זינען קיין טאנצען.
3. וואָס וויינינגער וועסט זיך מישען, וועט זיין בעסער.
4. גיב דיין צייט אָב צו אנדערע זאכען ניט צו מוזיק.
5. ווען דו בעלאנגסט נאָך ניט צו אנדערע, זאָלסט דו בעלאנגען.
6. וועגען דיין געזונדהייט מוזט דו יא פאָהרען.

### אבימלך — נומער 64.

1. דער קראנקער וועט געזונד ווערען.
2. וועסט זיין רייך, מענשען וועלען דיר מקנא זיין.
3. שפעטער, אָבער ניט יעצט.
4. זאָלסט גאָר ניט דענקען וועגען פאָהרען.
5. וועסט מעגען פאָהרען אָבער ניט יעצט.
6. צו די ירושה זיינען פיעלע יורשים, עס מוז לאנג דויערען.

### מזל כוכב — נומער 65.

1. זאָלסט חתונה האָבען, וועסט דו גליקליך לעבען.
2. זי דענקט אָן דיר, און אויך פון אנדערע.
3. ער דענקט אימער וועגען דיר.
4. עס איז א ביסעל אמת, אָבער ניט אלעס.
5. די פארטיע האָט געלד, אָבער ניט אזוי פיעל.
6. זי איז דיין ריכטיגע בעשעהרטע. (זיווג).

### למך — נומער 66.

1. וועסט קיין גרויסען פראָפיט האָבען.
2. דאָס געשעפט איז ניט פאר דיר.
3. ער איילט זיך אליין ניט צו קומען.
4. ווען דו וועסט לאנג ווארטען, וועט עס בעסער זיין.
5. וועסט נאָך מעהר איבערלעבען.
6. ווען דו וועסט דיין כאראקטער ענדערען, וועט דיר גוט זיין.

### שאול — נומער 67.

1. זאָלסט געהן, עס וועט דיר גוט זיין.
2. יא, זאָלסט מופען, משנה מקום משנה מזל.
3. ביי ד. דוקמאן,165 ריווינגטאָן, קאָרנער קלינטאָן, איז די בעסטע מעדיצין, גיט אויך פיינע פרעזענטען.
4. דער קראנקער מוז דאָס פלאץ טשענדזשען.
5. דורך יעמאנדען קומט דיין גליק.
9. יא, זיי געדולדיג, עס וועט לאנג דויערען.

### יוסף — נומער 68.

1. עס וועט ניט לאנג דויערען.
2. זאָלסט אפעלירען אין א העכערען געריכט (קאָורט).
3. מיט א גוטען לאָיער וועסט דו שנעלער געווינען.
4. אין דעם גראדע ניט, אין אנדערע יא.
5. אלעס ווענדעט זיך אָן גוטע עדות (וויטנעס).
6. דורך אָן אנדערענס שאָדען, וועט זיך דיינער אויך געפינען.

---

### שם — נומער 69.

1. יא, דו וועסט זיין פריי.
2. זאָלסט ניט צושטעהן צום מיליטער.
3. פּראָפ. האָכמאַן ראַטה יעדען, און וועט דיך אויך ראַטהען.
4. דו מוזט דיך בעראַטהען מיט איינעם, ער וועט דיר העלפען.
5. ווען דו וועסט אפּעלירען, וועסט דו זיכער געווינען.
6. עס קאָן מאַנכעס מאָל זעהר לאַנג דויערען איין פּראָצעס.

### מזל לבנה — נומער 70.

1. די הייראַטה וועט קומען אומגעריכט.
2. מעגסט לייהען, נור אויף נאָוטס. (וועקסלען).
3. יעצט קען דיר ווייניג דערפון בלייבען.
4. ווען עס איז מעגליך איז א פּריוואַט האָספּיטאַל בעסער.
5. געמבלען איז ניט גוט, איבערהויפּט פיר דיר.
6. יעצט ווייס ער ניט, אָבער שפּעטער וועט ער ערפאַהרען.

### דן — נומער 71.

1. רעכטע דיך ניט אזוי שנעל.
2. ער איז עהרליך, מעגסט איהם באָרגען (טראַסטען).
3. זאָ־ווי־זאָ וועט ער ביי דיר לאַנג ניט בלייבען.
4. ער איז גוט, אָבער ניט פיר געהיימניסע.
5. א פּאַרטנער איז גוט, נור וועסט דאַרפען אכטונג געבען.
6. די צייט וועט זיך בעסערען, נור זיי משנה מקום.

### בנימין — נומער 72.

1. עס בעלאַנג אָן דיר, ווי דו וועסט דיך פיהרען.
2. א גרויסער פערדיענער, און א גרויסער ספּענדער.
3. נאָך דער חתונה, ווייל דיין גליק קומט דורך קינדער.
4. דיין גליק איז נאָר נאָך דער חתונה.
5. ווען זי זעהט דיך, אָבער אזוי ניט.
6. ער דענקט וועגען דיר פיעל, נור ער צייגט ניט ארויס.

---

**פיין און ראַיעל בעהאַנדעלט מיט מעסיגע פּרייזען**
**בייא דעם אלטבעקאַנטען פריינד ד. גודמאַן.**

# איין ערקלעהרונג פון חלומות בעשיידען.

דיזעם טרוים־בוך האָבע איך געמאַכט דורך מיינע ערפאַהרענע פּראַקטים מיט וואַהרע בילדער, וועלכע מען טרוימט און עס גיט די ריינע און דייטליכע ערקלעהרונג. פיעלע מענשען טרוימען און זוכען דאָס יעמאַנד זאָל זיי פּותר חלום זיין, דאָס הייסט בעדייטען דעם טרוים, און פון אַזאַ מענשען הענגט עס זעהר פיעל אָב. די גמרא זאָגט: „חכם עדיף מנביא“ (אַ חכם איז מעהר פון אַ נביא). דאַן שטעהט וויעדער: „כל החלומות הולכין אחרי הפה“. (אַלע חלומות געהען נאָך׳ן מויל, אָדער ווי מען איז זיי פּותר), פון דעם בעשיידען הענגט עס פיעל אָב, און מען מוז זיין אַ מענש מיט שכל, מען זאָל פערשטעהן ווי „זיי“ פּותר זיין.

די בעדייטונג פון חלום קען ניט געענדערט ווערען. אַ חלום איז ניט צוויי־דייטיג אין זיך אַליין, אָבער אַ חלום קען אַמאָל האָבען זעהר אַ שלעכטען רעזולטאַט, ווען מען גיט איהם ניט די ריכטיגע בעדייטונג.

צום ביישפּיעל: די פּותרי־חלומות שטימען אַלע איין, אַז ווען איינעם חלום׳ט זיך, אַז איין אָקס האָט איהם געשטויסען, איז די בעדייטונג דערפון, אַז ער וועט ווערען רייך אָדער קריגען מאַכט און וועט נאָך קענען אַנדערע אויך העלפען און אונטערשטיצען. ווען דער פּותר איז אָבער ניט קיין מענש מיט שכל, אָדער ניט פּאָרזיכטיג, דאַן קען ער גאָר זאָגען, אַז דאָס בעדייטעט, אַז דער בעל חלום וועט וועט פערלירען זיין פערמעגען, אָרעם ווערען און קומען אויף בעטעל־ברויט. . ווען דאָס איז אפילו ניט די ריכטיגע בעדייטונג, קען זיך דאָס דער בעל־חלום נעהמען צו דער האַרץ, און זיך אַזוי פיעל ערגערען, ביז עס זאָל איהם ענטוועדער קראַנק מאַכען פאַר צרות, אָדער גאָר בעגעהן זעלבסטמאָרד, כדי ער זאָל ניט דאַרפען זיין קיין בעטלער.

דאָס מיינט מען מיט „כל החלומות הולכין אחרי הפה“, אָדער בעסער געזאָגט, „החיים והמות ביד הלשון“. אַמענש מיט שכל אָדער אַ ריכטיגער פּותר, וועט אַזאַ דומהייט ניט בעגעהן, אום אָבצושרעקען אַ מענשען, ווען עס איז אפילו גאָר ניט נויטהיג.

די אַלע חלומות זיינען די ריכטיגע בעדייטונג, איך האָב זיי אַרויס־גענומען פון גרויסע העברעאישע ספרים, נור ווען עס חלום׳ט אייך איין זאַך וואָס עס שטעהט ניט אין דיזען בוך, זאָלט איהר זוכען איין ריכטיגע פערזאָן, ער זאָל אייך פּותר־חלום זיין.

## איבער פערשיעדענע טהיערע.

מעלקען שאף אדער ציעגען — מען וועט זיך בעשעפטיגען מיט א פארם.

מעלקען קיה — אויפפאסען מיט קינדער.

אקסען, קיה אדער שאף — וואס מען וועט טהאן וועט גוט זיין.

געביסען פון אן אקס — מען וועט לאנג לעבען מיט ערגערנים.

געשטויסען פון אן אקס — רייך ווערען און אויך יענעם העלפען.

צוטרעטען פון א בהמה — מען וועט ליידען פון א כראנישע קראנקהייט.

רייטען אויף אן אקס — רייכטהום; ארונטערפאלען — ארמוטה.

זעהן א ווייסען פערד — פריעדען און רוהיגע, גליקליכע עלטער.

זעהענדיג אן עזעל — זאל מען נאכשפירען די קינדער.

א חזיר זעהן אדער עסען — א גוטע פרנסה און רייך ווערען.

זעהענדיג אן עלעפאנט — וועט דעם בעל־חלום געשעהן א וואונדער.

פערפאלגט פון וועלף — וועט מען ליידען פון הונגער און קעלט.

צוריסען ווערען פון א טיגער — די ליעבע איז פאלש, אהן האפנונג.

פערפאלגט פון בערען — וועט מען האבען א גוטען יאהר.

זעהן א שלאנג — א פאלשער פריינד דערנעהנטערט זיך צו דיר.

געביסען פון א שלאנג — פריינד טהוען דיר שלעכטס.

געביסען ווערען פון א הונד — קרובים ליעבען דיך טריי.

געביסען פון א קאטץ — איין אייגענע פרוי וועט ברייגגען אונגליק.

געלעקט ווערען פון א קאטץ — מען האט ארום זיך שמייכלערס.

זעהענדיג חיות זיך פאארען — מען וועט פיעל ליידען פון תאוה.

זיך שפיעלענדיג מיט הינד — ווערט מען געליעבט ביי יע־ען.

הערענדיג הינד האווקען — מען וועט ליידען מ־ה שהורה.

געביסען פון א ראט אדער מויז — די קינדער בע׳גנב׳נען דיך.

א פליהענדען פויגעל — אייער קינד וועט איבערראשען די וועלט מיט זיין חכמה.

כאפען פיש — ערווארטעט א ירושה.

כאפען פיש אין נעץ — מען וועט רייך ווערען.

שפיעלען זיך מיט טהיערע — מיט פיינדע שלום מאכען.

זעהענדיג ביענען — מען וועט קריגען נייע און צאהלרייכע שונאים.

## איבער פויגלען און פליגען.

זעהענדיג גענז — בעדייטעט עהרע און גרויסקייט.
זעהענדיג קאטשקעס — א פרוי רעדט אויף אייך רכילות.
הערענדיג א הוהן קרעהען — זאָל מען ערוואַרטען א רייזע.
זעהענדיג טויבען — איז גוט; כאפּען זיי — איז ניט גוט.
זעהענדיג א פויגעל אין האנד — וועט מען האָבען א גוטע בשורה.
זעהן הענער זיך שלאָגען — וועט זיין א קריעג אין פאמיליע.
א נאכט־פויגעל ארומפליהען — היט זיך פון שווערע קראנקהייט.
זעהענדיג שווארצע פויגלען אויף א הויז — וועט זיין טרויער.
פייערדיגע פויגלען פליהען — וועט זיין פייער (שרפה).
פליעגען אָדער זומער־פויגעל — א גנבה וועט געשעהן אין הויז.
א פּאפּאָגע רעדען — זאָל מען העלפען פריינד.

מיטוואך דען 7 טען סעפטעמבער.

### דיא נביאות.

מיסס מאד הערדיס פון 188 קענאן סטריט איז געקומען צו פּראָפעסאָר א. האכמאן, דעם בעריהמטען אַסטראָלאָג, און האָט איהם געפרעגט, ווענען זיא וועט הייראטהען. דער פּראָפעסאָר האָט איהר געהייסען קומען מיט 5 טעג שפּעטער.

פינף טעג נאכדעם האָט דער פּראָפעסאָר געקוקט אויף דיא שטערן און ווען מיסס הערדיס איז געקומען צו איהם אויפ'ן זעקסטען טאג, האָט ער געזאָגט צו איהר: „איהר וועט הייראטהען א בלאָנדען יונגען מאן מיט געקריזעלטע האָאר. ער וועט אייך נעהמען אויף א רייזע נאָך דער האָכציים."

דאָס יונגע מעדכען איז געווען העכסט גליקליך. אין דיעזע מינוט איז אריינגעקומען א יונגער מאן און דער פּראָפעסאָר האָט איהם פארגעשטעלט „מיסטער יאָזעף פריער! מיסס הערדיס!"

ביידע האָבען זיך באַלד פערליעבט און אין א קורצע צייט האָבען זיי אויך געהייראטעט און יאָזעף פריער, דער בלאָנדער יונגער מאן מיט דיא געקריזעלטע האָאר נעהמט יעצט זיין יונגע פרויא אויף א רייזע נאך אייראָפּא.

פאָרווערטס

**Monday May 27 1901**

### גראדע געטראָפען.

אלכסנדר האָכמאן, אין דאון טאון באקאנט אלס „פּראָפעסאָר" האָכמאן פון 169 ריווינגטאָן סטריט, וועלכער איז פאָריגע וואָך ארעסטירט געוואָרען פאר זיין „וואהרזאָגעריי", איז געבליבען געשטאנען אין עססעקס מארקעט פּאָליס קאורט. „איהר ווילט עפּעס זעהן", האָט ער געזאָגט צו דעם געריכטס־שרייבער אדאמס, „איך וועל אייך ווייזען וואָס איך קען: איך קען לעזען דיא געדאנקען פון ריכטער האָגאנס — ער וועט מיך ארויסלאָזען פריי."

10 מינוטען שפּעטער האָט איהם דער מאגיסטראט ווירקליך בעפרייט, אנגעבענדיג דיא אורזאכע, אז עס זיינען ניטאָ גענוג געטרייע איהם צו פערורטהיילען.

„אט, איהר זעהט —" האָט „פּראָפעסאָר" האָכמאן אויסגערופען מיט צופרידענהייט, האָט געהאלטען דעם שרייבערס האנד [illegible]

## איבער עסען און טרינקען.

עסען אין וועג מיט קאָמפּאַני — אַ באַלדיגע שמחה.

עסענדיג טרויבען — יעמאַנד זוכט דיך צו בעשווינדלען.

עסענדיג פיש אָדער הערינג, אייער אָדער אויסטערס — זאָל מען משנה מקום זיין.

עסענדיג הארטע זאַכען — היט אָב דעם מאָגען.

עסענדיג ביטערס — זאָל מען די בעשטימטע רייזע ניט מאַכען.

עסען פּוטער אָדער שמאַלץ — וועט מען נחת האָבען פון קינדער.

עסען קעז — איז פערקעהרט.

עסען כריין, שאַרפע גרינצייג — אַ קריגעריי אין דער פאַמיליע.

עסענדיג פערד־פלייש — וועט מען האָבען אַ גוטעס יאָ"ר.

עסענדיג ניס — דאָס מזל וועט געענדערט ווערען.

ווייץ, קאָרן, אָדער געבאַקענס — וועט זיין ברכה און הצלחה.

עסענדיג קאָמפּאָט — די קינדער וועלען זיי נאַשערס.

עסענדיג פרוכט — וועט זיין אַ שמחה אין פאַמיליע.

עסען פרוכט אין גאָרטען — מען וועט קריגען אַ שלעכטען נאָמען.

מען עסט פרוכט און יעמאַנד כאַפּט עס — וועט דאָס פאַמיליען־לעבען געבראָכען ווערען.

שלינגען אייז — אַ אונאַנגענעהמע איינלאַדונג.

האָניג — וועט מען אַ סך געלד פערלירען.

טרינקען וואַסער — וועט מען ערהאַלטען אַ גוטע נאַכריכט.

טרינקען אַ משקה וואָס קומט פון פרוכטען — פרייד אין הויז.

טרינקען מילך פון עזעל אָדער קליאַטשע — אַן אונפערהאָפטע שלעכטע בשורה.

טרינקען מילך — דער קראַנקער וועט שנעל האָבען אַ רפואה.

טרינקען בוימעל אָדער אַן אנדער פעטקייט — מ'וועט קענען ביישטעהן דעם נסיון פון אַ ליעבע.

אָנ'שכור'ן זיך — ביזנעס וועלען געהן שלעכט.

פערקויפען אָדער קויפען קעז אָדער פוטער — נחת פון קינדער, וועלען גוט לעהרנען.

טראָגען פאָמעראַנצען אָדער פייגען — מאַן און פרוי זיינען טריי.

ווען לעמענס, זויערע עפּעל — איז גראַדע פערקעהרט.

אז מען איז אויף אַ חתונה — זאָל מען זיך היטען פון טרינקען.

## איבער טרערען, מתים, מלאכים א. ז. וו.

אז מען וויינט — בעדייטעט פרייד; יענער וויינט — פערדרוס.

צייהן ארויסציהען — די שמערצען פון קערפער וועלען אוועק.

דערזעהענדיג זיך אליין שטארק פערוואונדעט — מען וועט געלד פערדיענען.

האר פון קאפ אויסגעקראכען—היט זיך פאר מרה שחורה.

האר שערען אדער שייפען — דעם חודש קיין אונטערנעהמונג מאכען.

אז עס חלום'ט זיך אז די עלטערען זיינען געשטארבען — בעדייטעט אז זיי וועלען לאנג לעבען.

וועז טויטע וויינען — וועט זיין פרייד אין הויז.

טויטע עלטערען ערשיינען — האט אימער גוטע בעדייטונג.

טויטע עלטערען ערשיינען און נעהמען עפעס אוועק — זאל מען דעם כאראקטער ענדערען.

טויטע עלטערען בעטען עפעס — א קרוב וועט קומען בעטען הילף.

טויטע ערשיינען און ברייגגען עפעס — וועט בריינגען מזל און ברכה.

געשטארבען און לעבעדיג געווארען — וועט מען פון אלע טראבעל ארויס.

דערזעהענדיג א טויטען קערפער — וועט זיין שמחה.

מען האט אנגעטהאן א מת קליידער — וועט מען ארים ווערען.

זעהן תכריכים בעדייטעט — בענייען קליידער.

ווען מען נעכטיגט אויף א בית־עלמן — וועט מען ארעסטירט ווערען.

א געהאנגענעם זעהן — די צרות וועלען אוועק און ניט מעהר קומען.

זעהן אן אבגעהאקטען קאפ — וועט מען ליידען קאפ־שמערצען.

מלאכים פליהען — די שפע פון געשעפט וועט פערשוואונדען ווערען.

מלאכים טאנצען — רייכטהום וועט אריינפליסען פון אונגערעכטע מקומות (ערטער).

מלאכים ברייגגען שעהנע זאכען — מען וועט פאלען אלס אפפער.

דערזעהענדיג שדים — מען וועט פיעל געלד פערדיענען אין מסחר.

## איבער נאַטירליכע ערשיינונגען.

פלאַנצען אַ גאָרטען — אויפּפּאַסען אויף קינדער.

פּפלאַנצען ביימער — וועט מען אָבפיהרען א גליקליכעס לעבען.

שלאָפען אין גראָז — ערגערונג פון געסט.

שלאָפען אונטער אַ בוים — נחת פון קינדער מיט אַ גרויסען שם.

שלאָפען צוזאַמען — בעדייטעט האָבען קינדער.

זעהן אַ בוים פול מיט פרוכט — ערוואַרט אַ גרויסען פערדיענסט.

אַ גאָרטען אָהנע פריכטע — וועט זיין טרויער אין די פאַמיליע.

יעמאַנד טהוט אַ גנבה אין גאָרטען—די פרוי אָדער מאַן איז פאַלש.

אַרומגערינגעלט מיט בלומען — זאָל מען זיך היטען פאַר פריינד.

קריכען אויף ביימער — דעם ציעל ערדייכען.

ווי גראָז שפּראָצט — זאָל מען די אונטערנעהמונג מאַכען.

אַ וואַלד אָדער גאָרטען צושטערט — ערוואַרטעט אייך אַ פייער.

אַ שטילען טייך — אונרוהען געשטילט ווערען.

אַ שטורמדיגער ים — מען וועט זיך צוזאַמענקומען מיט געגנער.

אַריינפאַלען אין וואַסער — וועלען שונאים זיעגען.

אַריבערשווימען דעם ריווער — מען וועט איבערקומען די צרות.

זיצענדיג אין זאַמד — זאָל מען זיך היטען פון פיעלע שונאים.

אַ לייכטער רעגען, אָדער שנעע — פיעל גליק אין האַנדעל.

באָדענדיג אין וואַסער אָדער באָד — היט דיך פון רכילות.

שווימענדיג אין אַ שטורמישען ים — וועט מען זיך גליקליך רעטען פון אונגליק.

דערטרינקען זיך — זאָל מען זיך היטען פון אַנשטעקענדע קראַנקהייטען.

קריעג־שיף — אין קורצען פון אונגליק בעפרייט ווערען.

האָלצערנע שיף מיט אַ מאַסט־בוים — די הילף איז נאָהענט.

פאהרען אין א גרויסען שיף — א רייכטהום אין זעלבען יאָהר.

---

## איבער פערשיעדענע מעטאַלען.

זעהענדיג נייעס געלד — בעדייטעט אונערוואַרטעטעס רייכטהום.

זעהן אַלט־געלט — וועסט געפינען דעם שאַדען.

אויסלענדיש געלט — וועסט ערהאַלטען א בריעף פון ווייטען.

זעהענדיג פאַלען געלד — מען וועט די שולדען ניט קענען קריגען.

געפינען גאָלד אָדער זילבער צירונג — וועט זיין שטרייט אין הויז.

פערל, קרעלען — די פערזאָן וואָס דו ליעבסט, ליעבט אַנדערע.
רינגען אויף די פינגער — מען וועט בעשולדיגט ווערען אין גנבה.
זיגעלרינג, מעדאַלען — אייפערזוכט און ערגערניס.
קריגענדיג אַ רינג אַלס מתנה — בעדייטעט ארמוטה.
נעהמענדיג ביי יענעם אַ רינג — ערווארטעט ארמוטה.
געבענדיג אַ רינג אַלס מתנה — בעדייטעט רייכטהום.
גאָלדענעם בעכער — ווארף אוועק דאָס עקשנות.
אַ גאָלדענע קרוין — איז די ליעבע פאַלש אין הארצען.
זעהן אַ זילבערנע קרוין — די אויפערזוכט איז פאַלש.
אייזערנע קרוין — וועסט אַ פרעזענט בעקומען.
אַ קרוין אויף דעם קאָפּ טראָגען — וועט מען ליידען קאָפּ־שמערץ.
מען טראָגט אַ קרוין — דער וואונש פון ליעבע ערפילט ווערען.
בריליאַנטען זעהן — היט זיך פון ליעבעס.
קופערנע זאַכען זעהן — פערליערען מוטה.
זעהענדיג מעשווארג — היט אייך פאר היימישע גנבים.
זילבערנער זייגער — פריידע; גאָלדערנער זייגער — פערקעהרט.
זילבער־געשיר — היט זיך פאר גנבות.
געפינען אייזען אָדער מעסערס — מען וועט אַ פראָצעס געווינען.
זעהט איהר אייזערנע זאַכען — היט אייך פון געטראַנק.
גלאָקען קלינגען — ס׳וועט זיין אַ שמחה אין דיין פאַמיליע.
צלמים אָדער געצענבילדער — די פריינד זיינען פאַלש.
קוילען אָדער אַש — זאָלסט בייטען דיין בעשעפטיגונג.

---

## פערזענליכעס.

ווען מען קוקט ארונטער פון אַ הויך אָרט—וועט מען לאַנג לעבען.
שטעהן אין איין ענגען אָרט — אומפערהאָפט רייך ווערען.
שטעהן אויף אַ בארג, אָדער געהן — וועט מען דערהויכט ווערען.
געהן אויף שטיגען — פאָרזיכטיג צו זיין מיט האנדעל.
געהן אויף אַ דאַך און ארונטערפאַלען — וועט מען האָבען אַ היזק.
זיין אין דער אַלטער היימאַטה — פון טראָבעל לויז ווערען.
צושטערענדיג איין אַלטעס הויז — וועט מען די שונאים בייקומען.
פליהענדיג געטראָגען פון ווינד — ערווארטען אַ גרויסען קריזיס.
ווען מען איז רייך געוואָרען — וועט מען האָבען גליק פון קינדער.
געהן אויף אַ שמאָלען וועג — פערלאָז זיך ניט אויף פריינד.

## איבער פערשיעדענעם.

ערהאלטען א טעלעגראף אָדער טעלעפאָן — וועט מען בעקומען אַן איבערראשענדע נאכריכט.

א פאָנאָגראף שפּיעלען — פרייד אין הויז.

דערזעהענדיג אַ קעניג — בעדייטעט כבוד אונטער בעקאַנטע.

אז מען זעהט זיך אַלס גרויסער הערשער — וועט מען פאַלען פון דער מדרגה.

א פּאָגראָם — היטען זיך פאַר קריג אָדער פּייט.

מיליטער געהן אָדער מארשירען — וועט מען איין אונערוואַרטע־טען בעזוך קריגען.

זעהענדיג מענשען פון אנדערע לענדער — וועט מען מאכען א וויטע רייזע.

נעטאַנצט אויף אַ שטריק — זעהר פּאָרזיכטיג זיין אין אַלעם.

געוועזן צו אַן אמוזירונגס־פּלאַץ אָדער באַל — וועט מען פיעל פערדרוס האָבען.

געוועזן אין איין אויסגעלאַסענער קאָמפּאַני — די צוזאמענ־קונפט וועט זיין מיט פיינע מענשען.

בלויע פארב — בעדייטעט שמערץ; רויטע פארב — פרייד; געלע פארב — אָרים אין פאַמיליע; גרינע פארב — גליק; שוואַרצע פאַרב — טרויער; ברוינע פאַרב — אויגען שמערצען.

געהן באָרפוס — וועט מען האָבען א גרויס פערלוסט.

היטלען אָדער העטס — א שנעון דערנעהנטערט זיך.

שיך בעדייטען — רהומאטיזם ענטוויקעלט זיך אין קערפּער.

רעק אָדער העמדער — מען וועט אויף אייך וויינען.

אז מען געהט אין צוריסענע קליידער — וועט מען רייך ווערען.

הויזען — אז מען נעהט ביי פרעמדע, מען וועט ערפאהרען.

פערשטעלטע זעהן — בעדייטעט דאָס די שונאים וועלען שלום מאכען.

---

## ליכט און פינסטערניש.

פלוצלונג פינסטער געוואָרען — אויפפאסען פיר אויגען־שמערצען.
זעהן די זון — בעדייטעט הערשאפט און גרויסקייט.
שווארצע פלעקען אויף דער זון — מלחמה.
דער הימעל פערוואָלקענט — עפּידעמישע קראנקהייטען.
לקוי לבנה — וועט זיין ערגערניס אין הויז.
זעהן די לבנה — זיין ערפאָלגרייך אין ליעבע.
לוקה חמה — משנה מקום זיין.
א שטערען פאלט — א גוטער סמן.
זעהענדיג ביי יענעם א פייער — איז גליק ביי זיך — ערגערונג.
ליכט ברענען אין פענסטער — פריינד וועלען דיר העלפען פון נויט.
זעהן א רעגען־בויגען — אנ'אונערווארטעטער גאסט.
עלעקטרישע בעלייכטונג — דאָס מזל וועט זיך בייטען.

---



וויא איין מלאך ערשיינט צו יהושע און פראפעצייהט איהם
וועגען דיא שטאדט יריחו.
יהושע קאפיטעל ה, 13.

---